# יודישע אילוסטרירטע צייטונג

Żydowska gazeta illustrowana

Wychodzi każdego piątku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. = 5 Rbs. Półrocznie 5 K. = 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1 50 Rbs

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.

Jüdische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס-פרייז: יעהרליך: 10 קראָנען, = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, = 1.60 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער = 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7 50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדזאסקא 62. טעלעפאן נו' 412. עסטערר. פאסטשפארקאסען-קאנטא נו' 57,341.

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נר 12 פיליע אין לאדז: פרועיאד נו' 16.


# דער נייער סולטאן.



דער נייער סולטאן: דאס יונגטירקישע מיליטער ציעהט איין אלס ערא‍בערער אין קאנסטאנטינאפעל.

# פריעדענס-הולדיגונג פאר דעם קאיזער.

פארינען זונטאג האט די וויענער בעפעלקערונג פעראנשטאלט פאר דעם קאי־זערליכען שלאס „שענברון" א פייערליכען אויפצוג, כדי צו דאנקען דעם קאיזער פאר דער ערהאלטונג פונ'ם פריעדען.

אין דער שווערער קריזע, וועלכע עסטערייך האט דורכגעמאכט אין די לעצטע ווינטער־חדשים, ווען דער קריעג איז גע־שטאנען פאר דער טהיר, האט די גאנצע בעפעלקערונג געשטיצט איהר האפנונג אויף דעם קאיזער, אז ער וועט אנווענדען אלע מעגליכקייטען כדי דעם קריעג צו פערמיידען.

און דאס איז אויך געשעהען. עס־טערייך־אונגארן האט אין דיעזער קריזע בעוויעזען א שטוינענסווערטה געדולדזאמקייט. ס'האט זיך נישט געלאזט רייצען דורך אלע בעליידיגונגען און בעשימפפונגען און רוהיג אבגעווארט, ביז די קריעגס־פריינד אין סער־ביען און אויך ערגיץ אנדערש וועלען זיך אויסניכטערן און איינזעהען, אז ס'איז נישט פארהאנען קיין שום בערעכטיגטער גרונד, קריעג צו פיהרען.

און דיעזע צוואַרטענדע האלטונג פון דער עסטערייכיש־אונגארישער רעגיע־רונג איז געוועזען צו פערדאנקען אין ער־שטער ליניע דעם קאיזער פראנץ יאזעף.

די פריעדענסהולדיגונג, אין וועלכער די וויענער בעפעלקערונג האט דעם קאיזער אויסגעשפראכען דעם דאנק דאפיר, איז אויסגעפאלען גלענצענד. האט־טי ס'האבען זיך ביי דער פייער בעטהייליגט נענען 100,000 מענשען, איז אלעס געוועזען אין דער גרעסטען ארדנונג.

אין דעם גרויסען הויף פאר דעם שענברונער שלאס האבען זיך די פעסט־טהיילנעהמער, דארונטער אלע וויענער פעראיינע מיט זייערע פאהנען און שטאנדארטע, פערזא־מעלט. דער בירגערמייסטער, מיט די וויצע־בירגערמייסטער און די סעקרעטערע פונ'ם געמיינדעראטה, זענען ערשיענען פאר'ן קאיזער אין אודיענץ און דער בירגערמייסטער האט געהאלטען אנ'אנשפראכע, אין וועלכער ער האט אויסגע־דריקט דעם דאנק פון דער בעפעלקערונג פאר דער ער־האלטונג פונ'ם פריעדען.

דער קאיזער האט געדאנקט פאר דער הולדיגונג און ערקלערט, אז ער פיהלט זיך גליקליך וואס ס'איז געלונגען, דעם פריעדען צו ערהאלטען, ווייל וויעפיעל כבוד ס'קען אויך ברענגען א גערעכטער און נויטהווענדי־גער קריעג, נאך מעהר זעגען און גליק ברענגט דאך דער פריעדען.

דערנאך איז דער קאיזער אין בעגלייטונג פונ'ם בירגערמייסטער און די וויצעבירגערמייסטער ארויסגעגאנגען אויף דעם באלקאן פונ'ם שלאס, וואו דאס פערזאמעלטע פאלק האט איהם בעגריסט מיט א שטירמישען „הוררא!".

אונזער בילד אין דער היינטיגער נומער שטעלט פאר דעם מאמענט, ווען דער קאיזער שטעהט אויף דעם באלקאן, בעגריסט פון דעם פאלק.



פריעדענסהולדיגונג פאר'ן קאיזער: דער קאיזער ערשיינט אויף דעם באלקאן פון שענברון, בעגריסט מיט הוררא־רופען פון דער פערזאמעלטער פאלקסמענגע.

# די אונגארישע קריזע.

די פערהאנדלונג צווישען דער עסטערייכישען און דער אונגארישען רעגיערונג וועגען דער באנק־פראגע האבען זיך צעשלאגען. די עסטערייכישע רעגיערונג האט נישט געוואלט צושטימען צו די אונגארישע פלענער, ס'זאל אנשטאט דער ביזהעריגער געמיינזאמען עסטערריי־כיש־אונגארישען באנק ערריכטעט ווערען א קארטעל־באנק, דאס הייסט צוויי גלייכע בענק, א בעזונדערע אין עסטערייך און א בעזונדערע אין אונגארן, וועלכע זאלען האבען יעדע פאר זיך דאס רעכט, אויסצוגעבען באנק־נאטען, אבער יעדעס לאנד איז פערפפליכטעט אנצונעהמען די באנקנאטען פון דעם אנדערן צום פולען פרייז.

דער עסטערייכישע שטאנדפונקט איז, אז אים אויסלאנד איז דער אונגא־רישע קרעדיט שוואכער ווי דער עסטערייכישער און די אונגארישע באנקנאטען וועלען האבען אים אויסלאנד א קלע־נערן קורז ווי די עסטעררייכישע. איבערדעם קען מען אין עסטערייך ניכט אנגעהמען דיעזע באנקנאטען צום פולען ווערטה, ווייל די נאטען וואלטען געמוזט בלייבען אים לאנד און מען וואלט מיט זיי נישט געקענט דעקען די חובות אים אויסלאנד. אויסער ווען מען זאל פערליערען די קורז־דיי־פערענץ. ביי דעם שטארקען האנדעלס־פערקעהר צווישען ביידע לענדער, וואלט דאס אויסגעמאכט א אונגעהייערען פערלוסט יעהרליך.

די אונגארישע רעגיע־רונג וויל איבערדעם ערריכטען א זעלבשטענדיגע נאטען־באנק, אבער דער קאיזער וויל נישט געבען זיין צושטימונג דאצו. און דאס אונגארישע מיניס־



די אונגארישע קריזע: די טהיילנעהמער אין די פערהאנדלונגען וועגען דער באנקפראגע.



8־טע ציוניסטישע לאנדעסקאנפערענץ: א בילד פון דער קאָנפערענץ אין לעמבערג; א בילד פון דער קאָנפערענץ ביי דער ערשטער זיצונג. אָריגינאל אויפנאהמע פאר דער יוד שען אילוסטרירטען צייטונג דורך דעם פאָטאָגרא־פישען אטעליער „קארדאן“ אין לעמבערג.

טעריום האט דעמיסיאָנירט, ס'איז דאס אבער קיין געוועהנליכע רעגיערונגס אדער פארלאמענטאַרישע קריזע, ביי די איצטיגע אומשטענד־ע וועט קיין איינציגער פּאָליטיקער אין אונגאַרן נישט קענען בעקומען אים רייכס־טאַג אַ מאַיאָריטעט, אויב ער וועט נישט זיכערן די זעלב־שטענדיגע אונגאַרישע באַנק. נייע וואַהלען וועלען אויך נישט פיעל העלפען, ווייל רעמילט וואָלטען די ראַדיקאַלע עלעמענטע נאָך שטאַרקער געוואָרען.

ס'וועט איבערדעם אפשר ווידער אויסברעכען אַ קאָנפליקט צווישען דעם קאיזער און דעם פּאַרלאַמענט, ווי מיט דריי יאהר צוריק, ווען די רוהיגע עלעמענטע פון דער אונאַבהענגיגקייטס־פּאַרטיי וועלען נישט האבען דעם איינפלוס אבצוהאַלטען די פּאַרטיי פון אַ ראַדיקאַלען בעשלוס.

ס'איז נעמליך קיין סוד נישט, אַז די אייגענטליכע פיהרער פון דער פּאַרטיי ווי קאסוטה און אפּאָני, וואלטען גערן נאכגעגעבען און נישט אַרויסרופען אַזאַ געפעהרליכע קריזע, וואס וועט ווידער ערשיטערן דאס גאַנצע לאַנד און עס ווירטהשאַפטליך רואינירען. אבער דער פּרעזידענט פון רייכסטאַג, יוסטה און מיט איהם נאך עטליכע שרייערס ווילען דאס נישט דערלאָזען און זיי טרייבען זייער מעראָ־ אזוי ווייט, אַז קאָסוטה און אפּאני האָבען מורא, אפשר נעמען זיי אויסצושרעטען.

די קריזע וועט יעדענפאלס לאַנג דויערן, דער קאיזער וועט צוערשט בערופען צו זיך די פערטרעטער פון אלע פּאַרטייען אויסצוהערען זייערע מיינונגען, דערווייל וועט די בּיזהעריגע רעגיערונג ווייטער פיהרען די געשעפטע. דער קאיזער פערלאַנגט, אַז צוערשט זאָל דורכגעפיהרט ווערען די וואַהלרעפּארם אזוי ווי ס'איז מיט דריי יאָהר צוריק פעראיינבאַרט געוואָרען, דעמילט ווען דאס איצטיגע מיניסטעריום האט איבערגענומען די רעגיערונג. ערשט דערנאך קען מען קומען מיט די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. די מאַדיאַרען האבען אָבער פאַר דער וואַהלרעפאָרם זעהר מורא, וויסענדיג, אַז ביי איינפיהרונג פון אַלגעמיינעם וואַהלרעכט וועלען זיי נישט מעהר האבען אַזאַ מאַכט אים לאַנד, דען באמת וואָהנען אין אונגאַרן פיעל מעהר אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען, ווי דייטשע, רומענען, סלאַווען, רוטהענען, אַלס מאַדיאַרען.

דער קאָנפליקט וועט זיין זעהר אַ שווערער און כּלאָמר זיך נאָר נישט וויסען, וואס דער סוף וועט זיין.

* * *

נאָכדעם, ווי די אונטערהאנדלונגען פון די ביידע רעגיערונגען וועגען דער באַנקפראַגע האבען זיך צערשלאָגען, האבען זיי זיך אָבגעזעגענט ביי אַ וועטשערע אים „האטעל סאַכער“ און זיך געלאזט פאָטאָגראַפירען צום אַנדענקען אן די וויכטיגע פערהאַנדלונגען. מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאס פאָטאָגראַפישע בילד פון די טהייל־נעהמער אין דעם נאכטמאָהל. אין דער ערשטער רייהע פון לינקס אויף רעכטס שטעהען: דער נייער גובערנאַטאָר פון דער עסטערייכיש־אונגאַרישער באַנק דר. פּאָפּאָוויטש, די עסטערייכישע מיניסטער בראַף, ריטט, שטירגקה, דער אונגאַרישער מיניסטער אפּאני, די עסטערייכישע מיניסטער ווייסקירכנער, האכענבורגער, זאַטשעק, געאַרני, סעקציאָנסשעף זיענהאַרד און די מיניסטעריאלרעטע ווינגער און עהרהאַרדט.

אין דער צווייטען רייהע זיצען די אונגאַרישע מי־ניסטער אַנדראַסי און זיטשי, דער געמיינזאַמע פינאַנצמי־ניסטער בוריאַן, עסטערייכישער פינאַנצמיניסטער דר. בי־לינסקי, מיניסטער דעס אייסערן באַראָן עהרענטהאַל, אונגאַרישער מיניסטער קאָסוטה, קריעגסמיניסטער שעניאך און עסטערייכישער אייזענבאהנמיניסטער ווירבא.

---

# קאָנפערענץ פון יודישע יוגענדליכע ארבייטער.

אַם 12 און 13 אַפּריל איז אבגעהאַלטען געוואָרען אין לעמבערג די צווייטע קאָנפערענץ פון די יודישע יוגענדליכע אַרבייטער און האַנדעלספּראַקטיקאַנטען ביל־דונגס־פעראיינע „יוגענד“ פון עסטרייך. עס זענען געקומען 28 דעלעגירטע און די קאָנפערענץ איז אבגעלאפען ערנסט און ווירדיג.

ס'זענען געהאַלטען געוואָרען עטליכע וויכטיגע רעפּעראַטע: „איבער די שטעלונג צו די יודישע אַרביי־טערארגאַניזאציעס און צו דער אינטערנאַציאָנאַלען יוגענד־בעוועגונג“, „עקאנאָמישע און קולטורעלע אויפגאבען פון די יוגענדליכע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס“, „אַגיטאַציע און פּרעסע“. די געפאסטע החלטות זענען פאר דער צוקונפט פון דער יונגער בעוועגונג זעהר וויכטיג.

אויף דער קאָנפערענץ איז אויך צושטאנד געקו־מען די פעראייניגונג פון די מזרח'דיגע און מערב'דיגע עסטרייכישע יוגענדליכע אָרגאַניזאַציעס.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער אַ פאָ־טאָגראפישע אויפנאהמע פון די קאָנפערענץ־מיטגליעדער.

---



דער נייער סולטאן: אנזיכט פון סאלאניק, דעם הויפטזיץ פון די יונגטירקען.

# דער נייער סולטאן.

די יונגטירקען האבען איינגענומען קאנסטאנטינאפעל מיט געוואלט. ארום דער שטאדט האט זיי צוואר סולטאן אבדול האמיד נישט געמאכט קיין שוועריגקייטען. אין שטאדט גופא אבער, ביי יעדער קאסערנע, האבען זיי

ער איז איבערדעם שולדיג אין דער ״אנצען בלוט־פערגיעסונג, וואס איז געשעהען, און אויב ער וועט בלייבען ווייטער סולטאן, וועלען די פערשווערונגען נעגען איהם און פאר איהם נישט אויפהער׳ען.

די איינציגע עצה איז בלויז, ער זאל פער׳שווינדען פון דעם טהראן. דעמילט וועט אפשר שוין זיין רוהע.

און אזא מין בעשלוס איז אויך ריעזען ריענסטאג, דען 27 אפריל, אויסגעפיהרט געווארען.

די נאציאנאל־פער׳זאמלונג, בעשטעהענד אויס יונג־טירקישע מיטגליעדער פונ׳ם פארלאמענט און פונ׳ם סענאט, האט געשיקט צום סילטאן א רעפוטאציע, וועלכע האט איהם מודיע געווען, אז ער איז אבגעזעצט.

אבדול האמיד האט די בשורה אויסגעהערט שטא־ק ניעדערגעדריקט און ענפער׳ט רעזיגנירט: ס׳איז געשעהען א אונגליק. דער נאך דריקט ער אויס בעפירכטונגען וועגען זיין



דער נייער סולטאן: מוהאמעד V.

לעבען, דער פיהרער פון דער דעפוטאציע, עססאד־באשא, ענפער׳ט איהם: די טירקישע נאציאן איז א עדעל פאלק און זי וועט דיר קיין שלעכטס נישט טהון. דיין לעבען שטעהט אונטער׳ן שוץ פון דער נאציאן.

דער סולטאן האט זיך בערוהיגט און זאגט:

— דורך 30 יאהר האב איך בעשיצט דאס לע־



דער נייער סולטאן: טורקישע נייטמליכע ווערען ערשאסען פון די יונגטירקען.

נעמוזט קעמפפען און פערגיעסען בלוט. כדי צו בעצווינגען דעם לעצטען רעשט פון אבדול האמיד׳ס אנהענגער.

ע־שט נאכדעם ווי זיי האבען בעהערשט די גאנצע שטאדט פון אלע זייטען, נאכדעם ווי זיי האבען אויך בעזעצט דעם סולטאנ׳ס פאלאסט און דארט אויפגעשטעלט א וואך פון זייערע געטריישע זאלדאטען, האבען זיי זיך גענומען צו דער פאליטישער ארבייט.

און דער ערשטער שריט ווייטער אין דער בעציע־הונג איז געווען די אבזעצונג פונ׳ם סולטאן אבדול האמיד און די אויס־ופונג פון זיין יונגערען ברודער, רעשאד, צום סולטאן אונטער׳ן נאמען מוהאמער דער פינפטע.

עטליכע טעג האבען געדויערט די פערהאנדלונגען צווישען די יונגטירקען וועגען דער פראגע. ס׳איז צווישען זיי פארהאנען געוועזען א געוויסע גרופע, צומייסט די על־טע־ע אפיציערע וואס האט פערלאנגט, אבדול האמיד זאל בלייבען אויף דעם טהראן.

אבער די יונגערע אפיציערע האבען דורכאויס פער־לאנגט, אבדול האמיד זאל פערשווינדען פונ׳ם טהראן. ס׳האט זיך נעמליך ארויסגעוויזען, אז דער סולטאן איז דירעקט שולדיג אין דער רעאקציאנער׳ען רעוואלוציע פונ׳ם 13 אפריל, אז ער האט דאס אליין אויפגעהעצט די גייסטליכע צו דעם שריט און האט פון זיין פריוואטקאסע בע־צאהלט די זאלדאטען, וואס האבען ערמארדעט די אפיציערע.



דער נייער סולטאן: אברול האמיד׳ס זוהן, וועלכע פערליערען איצט זייער רעכט צו דער קרוין.

בען פון מיין ברודער רעשאד. עס ערוויינט זיך אפט. אז מען זאגט צו, אימיצענם לעבען צו שיצען, שפעטער אבער ענדערט מען דיעזען ענטשלוס!

דער יודישער דעפוטירטער קאראס־ סא ענטפערט:

— די נאציאן וועט דיך בעשיצען!

אבדול האמיד שטייכט דערנאך אוים דעם וואונש, מען זאל איהם איבער געבען דעם פאלאסט טשאראגאן צום וואהנען, דארט וואו דער סולטאן מוראד איז געזעסען געפאנגען; אבער ציערשט מוז פון דארט אוועק דער פרינץ סאבבאה עדדין.

די דעפוטאציע ענטפערט, אז אין דער זאך האבען זיי שוין קיין שום אינסטרוקציעס נישט.

דער סולטאן בעדויערט נאר, וואס מען האט איהם איבערגעלאזט נאר א גאנץ קליינע צאהל דיענער. און איבערדעם האט ער מורא פאר זיין לעבען.

די דעפוטאציע ענטפערט, אז ער קען זיין רוהיג, ס'וועט איהם קיין שלעכטס נישט געשעהען.

דער נייער סולטאן, מוהאמעד דער פינפטע, האט נאך אים זעלבען טאג א קענעגנעמען די הולדיגונג פון דער רעגיערונג אים פאלאסט דאלמא באגדזשע און דערנאך איז ער מיט א שיפעל אריבערגעפאהרען קיין סטאמבול, וואו ער איז אבגעשטיגען אים קריעגס־ מיניסטעריום.

די גאנצע גארניזאן און דאס מאצעדאנישע מיליטער, וועלכעס איז געקומען מיט די יונגטירקען, האט געבילדעט שפאליער אויף דעם וועג פון'ם האפען ביז צום קריעגס־מיניסטעריום. וועלכען דער נייער סולטאן האט פאסירט. בייס מיניסטעריום האט דער אנפירער־אל פון די יונגטירקען, מאהמוד שעפקעט, מיט אלע גענעראלע בעגריסט דעם נייעם הערשער. די בעפעלקערונג איז געשטאנען אונטער דעם שפאליר. אלעס איז אבגעלאפען אין דער גרעסטען ארדנונג.

די יונגטירקען, די מאצעדאניער און די קריסטליכע בעפעלקערונג בעגריסט דעם נייעם סולטאן מיט פרייד. די אלט־טירקען פערהאלטען זיך רעזערווירט.

די פייערליכע טה־אנבעשטייגונג פון'ם נייעם סולטאן וועט געשעהען דיעזען שבת, דען 1 מאי.

די נאציאנאל־פערזאמלונג האט בעשלאסען צו ערנענען אחמעד ריזא, דעם געוועזענעם פרעזידענט פון פארלאמענט, צום גראסוועזיר. הילמי־פאשא, דער לעצטע גראסוועזיר, וועט איבערנעהמען דאס מיניסטעריום דעס אינערן. מארינע־מיניסטער וועט ווערען דער קריסטליכע אבגעארדנעטע וויטאליס.



א האדשא. — טאנצענדע דערווישע. — א־אולעמא

דער נייער סולטאן: טירקישע נייסטליכע



דער נייער סולטאן: אבדול האמיד'ס קיך, וואו דאס פאר איהם בעשטימטע עסען ווערד אין געגענווארט פון הויזבעאמטען פערזיגעלט

דער נייער סולטאן איז געבוירען אם 3־טען נאוועמבער 1844, ער איז יונגער פון אבדול האמיד מיט 2 יאהר. אין דער יוגענד האט ער זיך געוויזען זעהר פעהיג און קלוג. אבדול האמיד האט איהם אבער, ווייטדעם ער איז סולטאן, געלאזט האלטען ווי א געפאנגענעם, אבגעשלאסען פון דער גאנצער וועלט, אזוי אז ער איז גאנין פרעמד אין דער פאליטיק.

מיט דער ענטטהראנונג פון'ם סולטאן אבדול האמיר און דער ארויפזעצונג פון'ם סולטאן מוהאמעד אויף דעם שטוהל, האט זיך געענדיגט די רעאקציאנערע רעוואלוציע אין דער טירקיי.

דער קלינע אבדול האמיד, וואס האט עס פערשטאנען זיך דורך 33 יאהר צו האלטען אויף דעם שטוהל אין די שוועריגסטע סיטואציעס, האט זיך ראמיט בענאר־ישט, מיינענדיג, אז עס וועט געלינגען, צו ברעכען די מאכט פון די יונגטירקען דורך אינטריגעס און העצעריען פון די גייסטליכע.

די יונגטירקען האבען אבער נאך א מאל בעוויזען זייער קראפט און זייער קלוגהייט. מיט לייכטיגקייט האבען זיי בעזיעגט דעם סולטאנ'ס מיליטער, זייער ארומרינגלען און איינגעהמען פון קאנסטאנטינאפעל איז געווען מיליטעריש און סטראטעגיש זעהר געלונגען.

עס ערווארטען זיי נאך גרויסע שוועריגקייטען. זייער מאכט איז נאר אין דער איראפעאישער טירקיי. אין אזיען זענען די טירקען נאך שטארק פאנאטיש. פון דארט ווערען געמעלדעט בלוטיגע פאגראמס אויף קריסטען און ארמעניער און די צאהל פון די הרוגים געהט אין די צעהנדליננער טויזענדע.

זיי וועלען נאך מוזען זעהר פיעל ארבייטען, ביז עס וועט זיי געלינגען, דארט צו מאכען א ביסעל ארדנונג.



דער נייער סולטאן: אין דער קלייגאזיאטישען שטאדט אראנא (אדאנא): ארמעניער פון פאנאטישע טירקען ערמארדעט.

# דון יוסף הנשיא, הערצאג פון נאקסאס

## היסטארישער ראמאן אויס דעם זעכצעהנטען יאהרהונדערט

פריי בעארבייטעט נאָך י. ווילדענראָד.

(פינפטע פאָרטזעצונג).

הואַן מיקעץ קוקט רוהיג אויף די רעדצערנטע ברידער קוירינו און זאגט:

— ווען איהר מיינט, אַז איך האָב פערפיהרט אייער שוועסטער און זי גערופען אהער צו מיר אין מיין וואהנונג, קענט איהר דיעזע שאַנדע אָבוואַשען מיט מיין בלוט... אָבער איהר פערדעכטיגט מיך אומזיסט...

— אומזיסט? — רופט קוירינו אויפגערעגט — דו לייקענסט נאָך? וואס וויל אונזער שוועסטער ביי דיר? —

— ניין, איך לייקען נישט — ענטפערט הואַן מיקעץ — איך לייקען נישט, אַז צווישען מיר און אייער שוועסטער בעשטעהט אַ פערהעלטניס... אָבער עס איז נישט אַזוי שלעכט און זינדהאַפט, ווי איהר מיינט!

— נישט שלעכט און זינדהאַפט! — לאַכט דער עלטערער קוירינו — נישט שלעכט און זינדהאַפט אָבצונאַרען אַ קריסטליכע טאָכטער און איהר נישט אויסצוזאָגען, אַז דאס פערהעלטניס וועט מוזען אויפגעלעזט ווערען, ווייל אַ טיעפער ים מאַכט אַ צווישענשייד צווישען ביידע בעטהייליגטע?

— נאָט איז מיין עדות — ענטפערט הואַן מיקעץ — אַז איך האָב דאס נישט געהאַלטען בסוד! איך האָב איהר אַלסדינג ערקלערט! — אָבער...

— אָבער אונזער ליעבע שוועסטער בעשטעהט אויף אַלטען? — זאגט קוירינו דער יונגערער — אַ יאַ לעאָנאָרע? — דו ווילסט פערלאזען אונזער הויז און בעדעקען מיט שאַנד דעם קאָפּ פון דיין אַלטען פאטער...

— מיין פאטער האט אויך פיעל געקעמפפט און געליטען פאַר זיין ליעבע צו אונזער מוטער! — ענטפערט לעאָנאָראַ — און איהם האָב איך מיר גענומען אַ ביישפּיעל און פון איהם האָב איך געלערנט, וואס איך בעדאַרף צו טהון... איך בעשווער איך, ליעבע ברידער, אין'ם נאָמען פון דער ליעבע, וועלכע איהר האָט מיר ערוויעזען ביז איצט...

— און וועלכע דו האָסט פערביטען מיט דער ליעבע צו דיעזען מענש דאָ — אונטערבריכט זי דער ברידער.

— געעהרטע העררען קוירינו — שפּרינגט איצט אויף הואַן מיקעץ פון זיין פּלאַץ — איהר האָט מיר פריינדליך געעפענט די טהירען פון אייער הויז, ווען איך בין געקומען אַהער אַלס פערטרעטער פונ'ם סולטאַן. איהר האָט דאס רעכט, מיר צו קינדיגען די פריינדשאַפט, ווען איהר זענט געוואָהר געוואָרען אַז איך בין אַ יוד! — דאס שטעהט אייך פריי! — אָבער מיך בעליידיגען, דאס טאָרט איהר נישט! אַלס ערעל מענער בעדאַרפט איהר אים נענענטהייל אנערקענען וואס איך האָב געהאַט דעם מוטה, עפענטליך אויפצוטרעטען אַלס יוד, כדי צו בעשיצען מיינע גלויבענסברידער!

איהר דאַרפט אויך נישט בעשימפּפען און בעליידיגען אייער שוועסטער דאַפאַר. וואס אויך אין איהרע אויגען איז דער מענש געאַכטעט און געשעצט, וואס האָט דעם מוטה, זיך עפענטליך צו בעקענען צו זיין גלויבען!

— נאַיין רעכט! — ענטפערט קוירינו — אָבער דו מוזט אויך וויסען צו שעצען דעמיענינען, וואס וויל נישט אָבלאָזען זיין גלויבען!

— דאס טהו איך אויך — זאגט הואַן מיקעץ — און יעדער, וואס קעמפפט פאַר זיין רעליגיע איז ביי מיר געאַכטעט און געשעצט!

— אויב אַזוי האָסטו קיין רעכט, צו פערלאַנגען פון אונזער שוועסטער, זי זאָל מיט דיר געהן און אָנ־נעהמען דיין גלויבען! — ענטפערט קוירינו.

הואַן מיקעץ בלייבט שטעהן; ער ווייסט איצט נישט וואס צו ענטפערן, זיינע אויגען קוקען פרעגענדיג אויף לעאָנאָראַ.

לעאָנאָראַ בעמערקט זיין פערלעגענהייט און פּרובירט דעם אונאַנגענעהמען געשפּרעך אַ ענדע צו מאַכען, זאגט זי:

— דאס געהער שוין צו מיר! קומט ברידער אַ היים. דאָרט וועלען מיר דאַריבער רעדען!

איך קען אייך נאָר פערזיכערן, אַז הואַן מיקעץ פערלאַנגט נישט פון מיר, איך זאָל ווערען אַ יודין!

די קוירינו'ס געהען אַרויס, נאָכדעם ווי לעאָנאָראַ וואַרפט נאָך אַ פריינדליכען בליק צו הואַן מיקעץ און סערנייגט זיך עהרביעטיג פאַר דונאַ גראַציאַ.

הואַן מיקעץ בלייבט אַליין אים צימער מיט זיין מוהמע. ער איז שטאַרק אויפגערעגט און רעדט קיין וואָרט. זי וויל זיין רוהע נישט שטערען און ציעהט זיך צוריק אין צווייטען צימער אַרײַן.

---

### זעכסטעס קאַפּיטעל.

אַ צייט לאַנג זיצט הואַן מיקעץ אין זיין צימער, אויפגערעגט און פערטיעפט אין געדאַנקען. שפּעטער דערמאָנט [illegible] זיך, אַז ער האָט נאָך נישט געלעזען די צוויי בריעף, וועלכע דער ווענעציאַנישע סענאַט האָט איהם צוגעשיקט און ער בעאיילט זיך, צו זעהען, וואס דאָרט שטעהט געשריעבען.

אין דעם בריעף, וואס איז אַדרעסירט צו „דון יוסף הנשיא" איז דער סענאַט מודיע, אַז חאָטשי ער האָט נאָך קיין רעכט נישט, זיך אַריינצומישען אין די אינערע ענינים פון ווענעדיג און איבערהויפּט ווייל ער האָט געוואָלט בעפרייען זיין מוהמע מיט שפּעקולאַציעס פערדיענט ער נישט, מען זאָל זיין ביטע ערפילען און זי לאָזען פריי. געשעהט דאָס טראָצדעם, כדי ער זאָל זיך איבערצייגען, אַז די ווענעציאַנישע רעגיערונג איז נישט אַזוי שלעכט, ווי ער מיינט. דונאַ גראַציאַ מענדזעס איז פריי און קען פאָהרען, וואוהין זי וויל. אין ווענעדיג אָבער דאַרף זי נישט בלייבען, ווייל די ווענעציאַנישע רעגיערונג האָט צו איהר קיין צוטרויען נישט.

אין דעם צווייטען בריעף, אַדרעסירט צו הואַן מיקעץ, דעם פערטרעטער פונ'ם טירקישען סולטאַן, שרייבט דער סענאַט בקצור, אַז ער נעפונט נישט פאַר נוצליך, צו ערפילען דאָס פערלאַנגען פונ'ם סולטאַן און אַז ער, זיין פערטרעטער, זאָל ביז 48 שעה פערלאָזען די שטאָדט.

הואַן מיקעץ איז פורכטבאר אויפגערעגט. דער סענאַט פון ווענעדיג שיקט איהם אַרויס ווי אַ פערברעכער מיט שאַנד און שפּאָט. ווי ווייט ער קען דיעזע לייט, וועלען זיי בודאי אויך נאָך דירעקט שרייבען קיין קאָנסטאַנטינאָפּעל דורך זייער דאָרטיגען פערטרעטער און איהם פערדעכטיגען, אַז ער האָט געוואָלט אינטריגירען נעגען די ווענעציאַנישע רעגיערונג און איבערדעם האָבען זיי איהם אוועקגעשיקט. נישט וועלענדיג מיט איהם פערהאַנדלען וועגען די פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען.

אָבער ער קען זיך נאָר נישט העלפען. ער מוז וואס גיכער אַ היים־פאָהרען, כדי אָנצוקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּעל נאָך איידער די ווענעציאַנער וועלען איהם קענען ביים סולטאַן פערדעכטיגען.

דער הויפּט־צוועק פון זיין [illegible] איז ערפילט. זיין מוהמע איז פריי — אָבער פּאָליטיש איז ער שטאַרק בלאַמירט און ס'וועט איהם קאָסטען פיעל מיה, זיך אָבצורייניגען אין דעם סולטאַנ'ס אויגען פון דעם חשד, וואס די ווענעציאַנער וועלען אויף איהם וואַרפען.

— און לעאָנאָראַ? — גיבט איהם פּלוצים אַ שאָס דורך די געדאַנקען — וואס וועט מיט איהר געשעהען? קען ער רען זיך אַ פיינלינג און זי איבערלאָזען אַליין, בלאַמירט אין די אויגען פון איהר פאַמיליע און בעשעהמט ביי זיך זעלבסט, וואס ער איז אַוועקגעפאָהרען און האָט זיך נישט ווייטער געקימערט וועגען איהר. חאָטשי איהר ליעבע צו איהם איז אַזוי גרויס, אַז זי איז גרייט, צו פערלאָזען איהר פאָטערלאַנד, איהר פאַמיליע, איהר גלויבען, אַבי מיט איהם צו זיין פעראייניגט פאַר'ן גאַנצען לעבען?...

ניין, דאס קען ער נישט טהון און טאָר עס נישט טהון! — זאגט איהם זיין האַרץ — אָבער ווי אַזוי זאָל ער צו איהר צוקומען... די קוירינו'ס וועלען איהם זיכער נישט אַריינלאָזען צו זיי אין הויז, און אַריינגנב'ענען זיך דאָרטהין, דאס קען ער נישט, דאס טאָר ער נישט!

ראַטהלאָז דרעהט ער זיך אַרום אין צימער, אויפגערעגט און פערצווייפעלט.

באַלד אָבער דערמאָנט ער זיך אין זיין מוהמע און געהט אַריין אין צווייטען צימער, אויסצוגיסען זיין ביטער האַרץ פאַר איהר.

דונאַ גראַציאַ הערט אויס זיינע ריידעריי און געלאַסען, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט, זאגט זי:

— מיין ליעבער יוסף! בערוהיג דיך! אונזער גורל איז אין גאָט'ס האַנד, וואס ער בעשליעסט, וועט געשעהען און מענשען קענען דאָ נישט בעסער מאַכען און נישט פערשלעכטערן! אויב ס'איז בעשטימט פון גאָט, דו זאָלסט פערליערען די גנאָדע אין די אויגען פונ'ם סולטאַן, וועלען דיר אַלע שפּעקולאַציעס נישט העלפען; ווייל אָבער נאָט ווייטער זיין מיט דיר און דיך ערהאַלטען אויף דיין הויכער שטעלע, ברויכסט דו פאַר די ווענעציאַנישע פערלייםדונגען קיין מורא נישט צו האָבען.

און וואס עס בעטרעפט לעאָנאָראַ קוירינו זעה איך, מיין זוהן, אין דעם נאָר אַ פינגער פון גאָט! איך האָב דיר תיכף געזאָגט, אַז דאס איז אַ שווער עסק און גלייב נישט, אַז דאס וועט מעגליך זיין! עס איז אויך נישט רעכט פון דיר, דיר אויסצוקלויבען דווקא אַ קריסטליכע טאָכטער פאַר אַ געזעלשאַפטערין אים לעבען! ס'זענען דען פאַרהאַנען וועניג יודישע טעכטער, וואס פּאַסען פאַר דיר? — אַ, „די ליעבע", ווילסטו מיר ענטפערן... איך ווייס, איך ווייס; איך בין אויך אַ מאָל געוועזען יונג. איך האָב אויך אַ מאָל געליעבט און ווייס, וואס דאס בעדייטעט. אָבער דו ביזט אַ מאַן, וואס האָט הויכע אויפגאַבען און דו מוזט דיך שטאַרקען איבער דיין האַרץ!

עס טרעפט זיך נעראָדע גוט, וואס דו מוזט ביז 48 שעה אוועקפאָהרען... עס שטעהט דיר פאַר אַ שווערער קאַמפּף אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, אַ קאַמפּף אויף לעבען און טוידט! וואָלסטו געוועזען אַ געוועהנליכער מענש, אַ יחיד, קענסטו מיט דיין לעבען טהון וואס דיר געפעלט! דו ביזט אָבער נישט קיין יחיד. נישט פון דיינעטוועגען אַליין האָט דיך גאָט אַזוי דערהויבען און גרויס געמאַכט, נאָר פון וועגען דיינע ברידער, די פערוואָגעלטע און פערפאָלגטע יודען; זיי בעדויערסט דו העלפען אין דער נויטה. זיי ברויכסט דו נוצען און שיצען דורך דיין איינפלוס ביים מעכטיגען סולטאַן. דו טאָרסט נישט פערגעסען אין דיין גרויסער אויפגאַבע פון וועגען דיין ליעבע צו אַ ווייב. און מעג זי אויך זיין דאס שענסטע און עדעלסטע!

— דו האָסט רעכט, טהייערע מוהמע! — ענטפערט הואַן מיקעץ — אָבער דו מוזט דאָך בעגרייפען, אַז איך קען נישט אוועקפאָהרען פון לעאָנאָראַ אַזוי אָהן אַ „זייר־געזונד!" זי איז נישט בלויז מיין געליעבטע, געגען וועלכער איך האָב גרויסע פליכטען, נאָר אויך אַ עדעלע מעדכען, וועלכע איך טאָר נישט פערלאָזען מיט שאַנד און שפּאָט!

*) בייטע אבגעזונטען ערהאַלטען די פריהערינע פאָרטזעצונגען אויף פערלאַנגען גראַטיס צוגעשיקט.

זעה, טהייערע מוהמע! איך בין זיכער, אז לעאָנאָרא קעמפפט א שווערען קאמפף מיט איהרע ברידער און מיט איהר פאָטער! זי וויל נישט אָבלאָזען פון מיר און סטארעט זיך דורכצוזעצען איהר ווילען. איז דען נישט מיין פפליכט, זי אין דיזען קאמפף צו אונטערשטיצען? דארף איך זי דען אויסזעצען דער געפאהר, אז איהרע ברידער וועלען פון איהר חוזק מאכען און זאָגען: „זעה, נאריש קינד! דיין געליעבטער, פאר וועלכען דו האָסט דיך אזוי מוסר-נפש געווען, צוליעב וועלכען דו האָסט געוואָלט פערלאָזען דיין פאָטער און דיינע ברידער, דיין נאָמען און דיין גלויבען, אָט דיעזער געליעבטער האָט דיך פערלאָזט. ער איז אוועקגעפאָהרען און דו ווייסט אפילו נישט וואוהין!“ — קען און דארף איך זי איבערלאָזען אין אזא לאגע? זאָג אליין, טהייערע מוהמע!

און חוץ-לזה, וועט דאָך אזא מין האנדלונג פון מיין זייט נאָר זיין א חילול-השם! ווי געוועהנליך וועט מען מיין שולד ארויפלייגען אויף כלל-ישראל און זאָגען: „אָט אזוי זענען דאָס די יודען! פערדרעהען קריסטליכע קינדער דעם קאפּ און לאָזען זיי דערנאָך איבער צו שאנד און צו שפּאָט!“ דארף איך דאָס דערלאָזען?

— דיין לאגע איז ווירקליך פערצווייפעלט! — ענטפערט דונא גראציא — דו גלייכסט צו א קראנקען וואס אויף וועלכער זייט מען לעגט איהם, איז איהם שלעכט! ס'איז שלעכט אזוי און ביטער אנדערש! אָבער איין זאַך קען איך דיר נאָר זאָגען: אויב לעאָנאָרא קיריני ליעבט דיך ווירקליך אזוי שטאַרק, ווי דו מיינסט; אויב איהר ענטשלוס, דיך צו בעגלייטען וואוהין דו וועסט געהען, איז ווירקליך אזוי פעסט, ווי זי האָט געזאָגט, דעמילט קענסטו גאנץ רוהיג פאָהרען דיין וועג! זי איז נישט בלויז שעהן און עדעל, נאָר אויך קלוג; זי וועט עס פערשטעהען, אז דו האָסט געמוזט אוועקפאָהרען און האָסט נישט געהאַט די מעגליכקייט, דיך מיט איהר צו זעהען! זי וועט נישט פערצווייפלען און נישט אויפהערען צו גלייבען אין דיר, אין דער האָפנונג, אז דו וועסט שוין געפינען די געלעגענהייט, מיט איהר צוזאמענצוקומען!

און אויב נישט, אויב זי זאָל נישט אזוי שטאַרק און ענטשלאָסען; אויב איהר ליעבע צו דיר זאָל ערשיטערט ווערען דורך דיין פאָרגעהען, דעמילט — דאָס זאָג איך דיר גאנץ אָפען — וועט דאָס נאָר זיין צו דיין גליק! איך בין נישט פאנאטיש, אָבער מיר געפעלט עס נישט, אז דו זאָלסט דוקא מוזען חתונה האָבען מיט א קריסטליכער טאכטער! דו מוזט בעדענקען, אז דיין פערבינדונג מיט איהר וועט דיך נאָר שטערען אין דיין ארבייט פאר דיינע ברידער! וועסטו, למשל, קענען פיהרען קריגע געגען ווענעדיג, וויסענדיג אז ס'שטעהען דיר א קעגען דער פאָטער און די ברידער פון דיין ווייב? — אויך דיינע אייגענע ברידער אליין וועלען צו דיר נישט האָבען קיין פערטרויען, זעהענדיג אז דו האָסט דיר געוועהלט א קריסטין פאר א פרוי! אפשר וועט אויך דער סולטאַן דאַרויף קוקען מיט מיסטרויען, וואס א ווענעציאנערין וועט בעהערשען דיין האַרץ!...

אין דעם מאָמענט עפענט זיך די טהיר און חואן'ס דיענער ברענגט איהם אריין א פערזיעגעלטען בריעף.

שנעל רייסט חואַן מיקעץ אויף דעם בריעף און לעזט!

„פערצווייפעל נישט אין מיר, אזוי ווי איך פערצווייפעל נישט אין דיר! איך ווייס, אז דו מוזט אוועקפאָהרען! וואו דו וועסט זיין, וועט דיך מיין האַרץ בעגלייטען, אין דער זיכערן האָפנונג אויף בעסערע צייטען, ווען מיר וועלען קענען זיין פעראייניגט אויף אייביג.

לעאָנארא“.

— זעה, מוהמע'לעבען, ווי שלעכט דו בעאורטהיילסט מיין לעאָנאָרא! — רופט חואַן מיקעץ מיט ענטציקונג — אַך, ווי גליקליך בין איך, ערהאַלטענדיג אָט דעם בריעף. איצט בין איך שוין פריי פון אלע מיינע טרויריגע מחשבות! איצט קען איך שוין רוהיג אוועקפאָהרען! לעאנאָרא בלייבט מיר טריי, זי האָט קיין מורא, אז איך וועל זי פערראטהען און פערלאָזען!

— איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, — ענטפערט דונא גראציא — ערשט איצט הייב איך אן צו גלויבען אין דיין לעאָנאָרא! זיי מיר מוחל די האַרטע ווערטער, וואָס איך האָב פריהער קעגען איהר גערעדט! איך בעוואונדער איהר גייסט, איהר מוטה און איהר ליעבע צו דיר! איצט ערשט פערשטעה איך, ווי ווייט זי האָט דיך געקענט צוציעהען צו זיך! אויב ס'וועט אייך זיין בעשערט, איהר זאָלט אייך פעראייניגען פאר דעם גאנצען לעבען, מעג גאָט בענשען דיעזען עדלען בונד!

* * *

די 48 שעה, וועלכע די ווענעציאנישע רעגיערונג האָט צייט געגעבען דעם סולטאנ'ס פערטרעטער, א היים צופאָהרען, זענען באלד פאָריבער. חואַן מיקעץ האָט שוין אם ערשטען טאָג בעפאָהלען זיינע דיענער, זיי זאָלען דאָס שיף, מיט וועלכען ער איז געקומען, מאכען גרייט צו דער אפּרייזע און דעם דריטען טאָג אין דער פריה האָט ער פערלאָזט די שטאָדט אין וועלכער ער האָט פערלעבט אזוינע שווערע שעה'ן.

די לעצטע צוויי טעג איז ער געשטאַנען שטענדיג אונטער בעוואַכונג פון ווענעציאנישע זאָלדאטען. מען האָט צו איהם קיין פרעמדען מענש נישט צוגעלאָזט און ער האָט עס אויך נישט געפרובט ארויסצוגעהען, וויסענדיג, אז די שפּיאָנען פון דער אינקוויזיציע היטען זיינע שריט.

אין א שעהנעם פריה־מאָרגען איז חואן מיקעץ, בעגלייטעט פון זיינע דיענער און פון עטליכע ווענעציאנישע זאָלדאטען, ארויפגעגאַנגען אויף'ן שיף, וועלכעס האָט זיך באלד געזעצט אין בעוועגונג.

די גאנצע צייט, וואָס מען האָט נאָך פונ'ם שיף אויס געזעהען די הייזער און די טורמעס פון ווענעדיג, איז חואן מיקעץ געשטאַנען אויפ'ן שיף, נישט ווענדענדיג זיין בליק פון אָט דער שטאָדט, וואו ער האָט צוריקגעלאָזט זיין מוהמע און זיין געליעבטע.

ערשט שפּעטער, ווען דאָס שיף איז שוין געוועזען ווייט אין מעער, האָבען זיך זיינע געדאנקען געקעהרט צו דעם, וואָס ערוואַרטעט איהם אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, וואו ער איז נאָך א רוהיגער גליקליכער רייזע בשלום אָנגעקומען.

(פאָרטזעצונג קומט).

# די אכטע ציוניסטישע לאנדעס־קאָנפערענץ אין לעמבערג.

זאנטאג דעם 18 און מאנטאג דעם 19 אַפּריל איז אין לעמבערג אבגעהאלטען געוואָרען די אכטע ציוניסטישע לאנדעס־קאָנפערענץ פון גאַליציען.

טהיילגענומען האָבען 184 דעלעגירטע פון 75 שטעדט. די פערהאנדלונגען זענען געווען פערטרויליך, אפילו קאָרעספּאָנדענטען פון צייטונגען האָט מען נישט צוגעלאָזט. און איבער דעם פערלויף פון דער קאָנפערענץ קען מען נאָר אזויפיעל וויסען, וויפיעל די אָפיציעלע פאַרטיי־בלעטער בעריכטען.

דער וויכטיגסטע פונקט פון דער טאַגעס־אָרדנונג איז געווען, אויב די ציוניסטישע פארטיי־לייטונג זאָל זיך ווייטער בעפאסען מיט דער פּאָליטיק אים לאַנד אָדער נישט. ס'זענען אויפגעטרעטען צוויי געגנערישע שטרעמונגען, איינע פאר פּאָליטיק און איינע געגען; נאָך א לענגערען ויכוח איז בעשלאָסען געוואָרען, אז די ציוניסטישע פארטיי־לייטונג זאָל זיך ווייטער בעפאסען מיט פּאָליטיק.

זעהר וויכטיג איז אויך געווען די בעראטהונג איבער דער פּאַלעסטינא־ארבייט און ס'האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די פאָלקסמאַסען האָבען פאר דער ארבייט גרויס אינטערעסע און אז עס ווערען אין לעצטער צייט אין גאַליציען גאַנץ היבשע סומען דאפאר געזאַמעלט.

ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרען א נייער אָרגאַניזאַציאָנס־שטאטוט און ס'זענען געוועהלט געוואָרען אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט: אבגעאָרדנעטער אַדאָלף שטאַנד, דר. מיכאל רינגעל, דר. אבירהם קארקיס, בעריש יאַהר, דר. לעווענהערץ, יעקב שלמה פיליפּ, שלמה שילער און דר. אלעקסאַנדער הויזמאַן. חוץ לזה געהערען דעם צענטראַל־קאָמיטעט אן צו יע 2 מיטגליעדער פון אַלע 4 גאַליציאַנישע דיסטריקט־קאָמיטעס און די שעפרעדאַקטערע פון דעם „טאַגבלאַט“ און פון „ווסכוד“.

גלייכצייטיג מיט דער לאנדעסקאָנפערענץ איז אין לעמבערג אבגעהאלטען געוואָרען א העברעאישע שול־קאָנפערענץ, אין וועלכער ס'איז בעשלאָסען געוואָרען צו גרינדען א העברעאישען שול־פעראיין אין גאַליציען.

מאָנטאג, דעם 19 אַפּריל איז אויך אבגעהאלטען געוואָרען די גענעראַל־פערזאמלונג פון דער נייגעגרינדעטען יודישען פאָלקס־באַנק „קרעדיט־אוניאָן“, אין וועלכער ס'איז געוועהלט געוואָרען דער אויפזיכטס־ראטה און די דירעקציאָן פון דער באַנק.



די טהיילנעהמער פון דער צווייטען קאָנפערענץ פון די יודישע יוגענדליכע ארבייטער אין לעמבערג.



רוסלאנד און פערויען : פערזישע רעוואלוציאנערע פערטהיידיגען די שטארט טעבריס געגען דעם שאה'ס טרופפען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד פון דער לאנדיס-קאנפערענץ לויט א שפעציעלער פאטאגראפישע אויפנאהמע פאר דער „יודישער אילוסטרירטער צייטונג“, אויפגענומען דורך דעם פאטאגראפישען אטעליער „קארדיאן“ אין לעמבערג.

# רוסלאנד אין פערזיען.

דער שאה פון פערזיען האט מיט זיין עקשנות דערגרייכט, או פרעמדע לענדער מושען זיך אריין אין די אינערע ענינים פון פערזיען.

די דראהונגען פון די רעוואלוציאנערען אין טעבריס, אז אויב מען וועט זיי נישט לאזען צו רוה און צולאזען עסען־וואַרג, וועלען זיי זיך פערגרייפען אין די אויסלענדישע קאנסולען, כדי הערבייצופיהרען א אינטערווענציע פון די פרעמדע מלוכות, האט געווירקט. די רוסישע רעגירונג האט בעאויפטראגט דעם שטאטהאלטער פון קויקאזוס, אריבערצושיקען א מיליטערישע אבטהיילונג קיין פערזיען און דאס איז אויך געשעהען.

דער שאה האט צוואר אין דר לעצטער שעה אויפגעגעבען זיין איינגעשפא־קייט און פערלענגערט דעם וואפענשטילשטאנד מיט די רעוואלוציאנערע. אויך האט ער ערלויבט, מען זאל זיי צופיהרען עסען־וואַרג.

אבער דאס אלעס איז שוין געקומען צו שפעט. דאס רוסישע מיליטער איז שוין אריבער איבער דער דשולפא־בריק (דאס בילד פון איהר האבען מיר געבראכט אין אונזער נו׳ 14) קיין פערזיען. און דאס איז דער ערשטער שריט צו דער אויסלענדישער אינטערווענציע.

ענגלאנד איז מיט דעם איינשרייטען פון רוסלאנד איינפערשטאנדען און דער שאה האט פון דעם איצטיגען מאמענט אויפגעהערט צו זיין א זעלבשטענדיגער הערשער אין זיין לאנד.

אין פערזיען דויערן אבער די קעמפפע נאך ווייטער און מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד פון די קעמפפע צווישען די רעוואלוציאנערען און דעם שאה'ס מיליטער ביי טעבריס.

# א מעדיצינער אלס באנקנאטען־פעלשער.

עס איז פאר צוויי וואכען האט די ווינער פאליציי ענטדעקט די שפורען פון א געלד־פעלשער, וועלכער בעגינצענדיג אלע מארערנע ערדונגענשאפטען פון דער טעכניק, אט זיך געשאפען אוינע אפאראטע, ווי אזוי נאכצו־מאכען קראנקענשטיקע מיט דער גרעסטער גענויאינקייט. (אז עס איז אפילו פאר פאכמענער שווער געוועזען די פעלשונג צו דער־קענען).

דיעזע וואך ווידער זענען ענטדעקט געווארען די שפורען פון א צווייטען געלד־פעלשער.

אויך ער האט זיך בענוצט מיט די פאָרטשריטע פון דער טעכניק, אויף פאטאגראפישען וועג האט ער מיט די פיינסטע אפאראטע פערטיגגעשטעלט פינפציג־קראנען באנקנאטען מיט אזא געשיקליכקייט, אז אפילו טיכטיגע באנקבעאמטע האבען די פעלשונג נישט געמערקט; בלויז די פארב איז אביסעל שוואכער און קוים איז די נאטע אביסעל צערקנייטשט און פערשמירט, מערקט מען שוין דאס נישט אזוי גערינג.

דער פאליציי איז די מעלדונג וועגען דער פעלשונג איבערגעגעבען געווארען פון דער עסטערייכיש־אונגארישער באנק מיט דעם בעמערקען, אז ביי דער פאסטדירעקציאנס־קאסע האט מען אזא פאלשען באנקנאט ענטדעקט.

די נאכפארשונגען, פון וואנען די נאטע שטאמט, האבען געפיהרט דאהין, אז זי איז אויסגעגעבען געווארען אין דעם צווייטען בעצירק און די פאליציי האט זיך תיכף גענומען, אין דיעזען בעצירק צו פארשען נאך דעם פעלשער.

דער פערדאכט האט זיך געריכטעט געגען מעדיצינער לאריסלוים האזעק, וועלכער וואהנט אים צווייטען בעצירק אין דער גרויסען מאהרען־גאס. ער שטודירט מעדיצין און גילט אלס זעהר טיכטיגער קאפ, אבער קיין מענש ווייסט, פון וואס ער לעבט. אין דעם קאבינעט, וועלכעם



א מעדיצינער אלס באנקנאטען־פעלשער : דער מעדיצינער האזעק ביי דער ארבייט אין זיין קאבינעט



די „ליליפוטען־שטאדט“ — אריין: א חתונה פון ליליפוטען.

רעם געביעטע פון דער מאלא־א־קראנקהייט האט ער זאגאר וויכטיגע ענטרעקונגען געמאכט.

זייענע עלטערן זענען שוין לאנג געשטארבען און ער האט געלעבט אין גרויסע נויטה. ווייענדיג א טיכטיגער אמאטער־פאטאגראף האט איהם זיין געליעבטע, אניאלט פרייליין אדעלע פון קוריץ, בעזיצערן פון א טראפיק אין וויען, דאצו אנגערערט. ער זאל נאכמאכען פאלשע באנקנאטען און זי וועט זיי אין רער טראפיק שוין אבזעצען. זי האט טאקי די באנקנאטען אויסגעגעבען. ער האט אויך געפרובט צו פערפערטיגען בריעפמארקען, וועלכע די קוריץ האט געוואלט פערקויפען. די מארקען זענען נוט געלונגען, אבער מען האט זיי נאך נישט אויסגעגעבען.

האזעק און זיין געליעבטע קוריץ, טאכטער פון א העהערען הויפבעאמטען, זענען ביירע פערהאפטעט געווארען. די פאליציי האט צוגענומען די גאנצע פאטאגראפישע איינריכטונג און מעהרערע פאלשע נאטען. אויך ביי דער קוריץ האט מען געפונען פאטאגראפישע אפאראטע און כעמיקאליען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינעל בילד, פארשטעלענדיג דעם באנקנאטען־פעלשער האזעק אין זיין קאבינעט ביי דער ארבייט, ווי אויך א פאטאגראפיע פון איהם.



א ראפעלטען יובילעאום: פראפעסאר רר. מאריץ בענעדיקט.



א קינד אלס לעבענסרעטער: עדוארד גארבעל, וואס האט זיין קאמעראר גערעטעט פאר'ן דערטרינקען.

## די „ליליפוטען־שטאדט“ אין פאריז.

בוז אהער פלעגט מען זעהן ליליפוטען (די קלענסטע מענשעלעך) זעהר זעלטען. מען פלעגט זיי אמאל זעהען איינעם אדער צוויי אין א צירק אדער אין א פאנאפטיקום.

ערשט איז דער דירעקטאר פון דעם פאריזער אקלימאטיזאציאנס־גארטען (א גארטען, וואס מען קאן אין איהם מגדל זיין צמחים און בריאים פון פרעמדע לענדער), א־טור־פארט, געפאלען אויף א מערקווירדיגע המצאה.

א־טור־פארט, וועלכער איז געוואהנט אלע פרעמדע מינים געוויקסען און בעשעפעניש פון אריינצופיהרען און אויפצוהאדעווען אין פראנקרייך אין זעהר א גרויסער צאהל, האט אויך בעשלאסען אריינצופיהרען מאסענוויז דעם מין ליליפוטען פון דער גאנצער וועלט, און האט צו דעם צוועק אבגעטיילט א גאנץ גרויסען שטח פון זיין אקלימאטיזאציאנס־גארטען, וועלכען ער האט בעשטימט פאר א ליליפוטען־שטאדט.

זיין פלאן האט איהם זעהר גוט געלונגען.



פון דער ליליפוטען־שטאדט אין פאריז.

ער בעוואהנט, לאזט ער קיינעם נישט אריין. בעהויפטענדיג, אז עס געפונען זיך דארט זעהר געפעהרליכע באקטעריאלאגישע פרעפאראטע, דורך וועלכע א נישט־מעריצינער, וואס פערשטעהט נישט דאמיט אומצוגעהען, קען פעראונגליקט ווערען.

די פאליציי האט דעם מאן פערפאלגט און איהם געפאקט אויף דער גאס. ער האט ביי זיך געטראגען א לעדערנע טאשע, אין וועלכער ס'איז געלעגען א בוך „איבער דער פראקסעם פון פארבענפאטאגראפיע“ און אין בוך האט מען געפונען א פאלשען באנקנאט.

האזעק איז נישט געבליעבען קיין אנדערער וועג, ווי זיך מודה צו זיין און אריינצופיהרען די פאליציי צו זיך אהיים, וואו מען האט געטראפען א גאנצע פאטאגראפישע ווערקשטאט, מיט אלע מאדערנע איינריכטונגען פאר פארבענפאטאגראפיע.

האזעק איז דער זוהן פון א באהן־אינשעניער. ער האט זיינע שטודיען געענדיגט מיט דעם גרעסטען ערפאלג און איצט האט ער שוין געוואלט פראמאווירט ווערען צום דאקטאר דער מעדיצין. בעזונדערס אינטערעסירט האט ער זיך פאר באקטעריאלאגישע שטודיען און זיינע פרעפעסארען האבען פון איהם שטארק געהאלטען. אויף

מען האט ספעציעל ארויסגעשיקט מענשען אין אלע עקען וועלט, איבערהויפט אין אפריקא, וואו ליליפוטען געפינען זיך, און מ'האט צוזאמענגעקליבען עטליכע הונדערט קלענסטע ליליפוטען, וועלכע ציינען זיך אויך אוים מיט זייער שענקייט.

גאנץ קליינע און שענע הייזלעך האט מען אויפגעשטעלט פאר דער נייער קליינער קהלה. עס געפינען זיך צווישען די ליליפוטען אויך גאנץ אינטעליגענטע.

די אריגינעלע ליליפוטען־שטאדט איז פערזארגט מיט אלע איינריכטונגען: טעאטערם, צירקען און נאך אזעלכע פערגניגונגס־ערטער. וואו די קליינע זאלען זיך קאנען פערוויילען. אויך האט מען דארט איינגעפיהרט אלערליי טראנספארט־מיטלען: דראזשקעס, עקוויפאזשען, טראמוויי, אמניבוזען, אלעס זעהר אין א קליינעם פארמאט און געשפאנט פון גאנץ קליינע ליליפוטען־פערדלעך.

די דאזיגע „שטאדט“ רופט ארוים דעם גרעסטען אינטערעס אין פאריז און טויזענדער מענשען געהען קוקען אויף די דאזיגע קליינע בראוימילעך.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער עטליכע אריגינעלע בילדער פון דער ליליפוטען־שטאדט אין פאריז



א פיערעהריגע שוישפיעלערין.



פון דער ליליפוטען־שטאדט אין פאריז.

# בכל־מכל־כל.

(סבלנות — געדולד מיט סערביען — די איבע־קע־רעניש אין דער טירקיי — ווידער אַמאָל געדולד — ס'וועט שוין קומען די צייט — דער בישיק פֿון האלאַנד — אַ פּרינץ אדער א פּרינצעסין — אַ געהיימע קאָנפֿערענץ — א „בעריכט" ווי א מעריצין).

סבלנות...

די צייַט, אין וועלכער מיר לעבען, ווערד אָנגערופֿען: „דאס נערוועזע צייַטאַלטער". און באמת, נאך קיינמאל איז די וועלט נישט געוועזן אַזוי נערוועז, אונגעדולדיג ווי איצט. אונזערע אבות האבען געקענט וואַרטען וואכען־לאַנג אויף אַ בריעף, פֿאר אונז איז שוין אפֿילו דאס טעלעפֿאָן צו לאַנגווייליג; קוים בעקומט מען נישט תיכף אנשלוס בייַם טעלעפֿאָן, בייַטעלט מען אויס אלע חלומות צו דער אַרימער טעלעפֿאָניסטקע, וועלכע קען זיך דאך נישט צערייַסען און נישט בעדיענען אלע מיט א מאל...

אַ רייַזע, למשל, פֿון קראקא קיין לעמבערג, פֿלעגט פֿריהער דויערן עטליכע טעג. איצט איז אונז שוין דער בליצצוג צו ווייניג, סטייַטש, $6^1/_2$ שעה שלעפּט מען זיך אויף דער קורצער שטרעקע — ס'מוז נעבויט ווערען אַ בעזונדערס גרויסע לאָקאָמאָטיווע, די רייַזע בעדארף נישט מעהר דויערן ווי 4 שעה.

קיין אַמעריקאַ פֿאהרט מען איצט שוין 5—4 טעג. דאס איז צו לאַנג. ס'מוז אייַנגעריכטעט ווערען א לופֿטבאלאָן־פֿערקעהר. די גאנצע רייַזע זאָל נישט לענגער דויערן ווי אַ טאג...

אט אזוי און עהנליך האט די מענשהייַט קיין צייַט נישט, מען לויפֿט, פֿליעהט, יאגט, ברענט, וואס שנעלער, וואס גיכער...

„צייַט איז געלד", זאגט דער ענגלענדער און אזוי ווי מיר אַרימע אייראָפּעער האבען נישט קיין געלד, ווילען מיר ווענינסטענס געווינען צייט...

* * *

קומט אבער די מיזעראַבלע פּ־ווי „פּאָליטיק" און הייסט אונז האבען געדולד!

זי וויל שפּיעלען די ראָלע פֿון א דאָקטאָר, וואס גיבט א בעזונדערס נערוועזען מענש אזא מין „געדולד־שפּיעל". למשל ער זאל אַרויסוואַרפֿען 100 שטיק קליינע אַרבעס איבער דער גאנצער שטוב און זיי אלע צוזאַמענזוכען, ס'זאל נישט פֿעהלען אפילו איינס. דער מענש מוז זיך לערנען האבען געדולד, סבלנות, דערמיט וועט ער שוין געזונד ווערען.

און דיזעלבע לעקציע ערטהיילט אונז די פּאָליטיק, די גרויסע און די קליינע.

אט למשל, אויף וועלכע הארטע פּראָבעס איז אונזער געדולד געשטעלט געוואָרען דעם גאַנצען ווינטער, ווען דער סערבישער עקס־קראָנפּרינץ געאָרג'ל האט איבערגעקעהרט וועלטען.

מיט וועלכער אונגעדולד האבען מיר מאָרגען און אבענד ערוואַרט די צייַטונגען צו לעזען, אויב ס'איז שוין נישט אויסגעבראָכען דער גרויסער, שרעקליכער קריעג...

אפּער די פּאָליטיק האט זיך געטהון דאס איהריגע, זי איז נישט אים געווען נערוועז... טאָג־טעגליך האט זי אונז אבגעשפּייַזט מיט נייע טעלעגראַמען. באַלד האט סערביען נאכגעגעבען, באלד נישט, באלד האט איזוואָלסקי אנערקענט די אַנעקסיע, באַלד האט ער געמאַכט נייע חומרות. באלד האבען די מעכטע אינטערוועניערט, באלד־האבען זיי ערקלערט, אז דאס גאנצע עסק געהט זיי גאר נישט אן.

און אזוי האט זיך די ... געצויגען און געצויגען הרשים־לאַנג... אונזער גאַנצע נערוועזיטעט האט גאר נישט געהאָלפֿען. מיר האבען אונז געמוטשעט אָנגעַטלען מיט געדולד און געדולד אהן א שיעור. מיר זענען געוואָרען גרויסע סבלנים, ממש ווי אים היילינגען ספֿר „חובות הלבבות" שטעהט...

איצט ווידערהאָלט זיך דאס זעלבע שפּיעל.

סולטאַן אבדול האמיד איז אַ גרויסער בעל־סבלן. זעהענדיג, אז די יונגטירקען האבען בעקומען דאס מיליטער פֿון זייער זייַט, האט ער זיי נאכגעגעבען, אלסדינג, וואס זיי האבען פֿערלאַנגט, וואַרטענדיג געדולדיג ביז ס'וועט קומען א שעת־הכושר, ער זאָל קענען אַלסדינג צוריקנעהמען.

פֿאַר צוויי וואָכען האט זיך איהם געדאַכט, די פּאַסענדע צייַט איז געקומען און ער קען שוין אַרויסשפּילן די יונגטירקען צווישן פֿייַנען. די מעשה איז אבער נישט געלונגען. נאך קוים 3—2 טעג האָבען זיך יונגטירקען ערהאלטען פֿון דער איבעראַשונג און צוזאַמענגענומען זייַערע כחות, צו ווייַזען דעם סולטאַן, ווער ס'איז בעל־הבית אין דער טירקיי.

און זייַט דעם הייבט זיך ווידער אָן דאס געדולד־שפּיעל.

מאָרגענס און אבענדס ערוואַרטען מיר מיט דער גרויסען אונגעדולד די צייַטונגען. אבער די פּ־ווי פּאָליטיק הייסט אונז האבען געדולד. באַלד האט דער סולטאַן אלסדינג נאָכגעגעבען, באלד לייַסטעט ער ווידערשטאַנד; באלד בעשליעסען די יונגטירקען איהם אָבצוזעצען, באלד לאזען זיי איהם אויף דער שטוהל; באַלד רוקען זיי איין אין קאנסטאנטינאפּעל, באַלד ציעהען זיי זיך צוריק; באַלד ערנענען זיי א נייַעם סולטאַן, באַלד ווילען זיי ליעבער א רעפּובליק; באַלד האט זיך דאס גאנצע מיליטער אנגעשלאָסען צו די יונגטירקען, באלד שטעלט זיך די קאָנסטאַנטינאפּעלער גאַרניזאן ווי א קענען און ס'פֿאַלען הרוגים ווי די פֿליעגען; באַלד איז דער סולטאַן אַנטלאָפֿען פֿון קאנסטאנטינאפּעל מיט זייַנע ווייַבער, באַלד איז ער ענטשלאָסען צו פֿערטהיידיגען זייַן קרוין ביז צום לעצטען טראָפּען בלוט...

און איצט נעה און ווער קלוג פֿון דער גאַנצער קאָמעדיע!

געדולד, ליעבע לעזער! — רופֿט די פּ־ווי פּאָליטיק — נאַ־טעל דיך אן מיט סבלנות, האב געדולד, דו וועסט שוין געוואהר ווערען דעם אמת, ווען די צייט וועט קומען!...

* * *

שטאַרק אונגעדולדיג איז דאס גאַנצע ליעבע האָלענדישע פֿאָלק.

זייַער יונגע, פּאָפּולערע קעניגין ווילהעלמינע בעדאַרף זיי שענקען א קראָנפּרינץ — און די געטרייַע האָלענדער, גרויס ווי קליין, יונג ווי אַלט, קוקען ארויס אויף דעם קלייַנעם נפֿש'ל ווי להבדיל א חסיד אויף משיח'ן.

אבער דער בישיק, וואס בעדאַרף ברענגען דאס נשמה'לע, איילט זיך נישט. און דאס האלענדישע פֿאָלק מוז האבען געדולד!

ס'זענען שוין ראַט פֿאַ־געקומען פֿערשיעדענע קאָמישע ס'צענעס וועגען דעם.

די צייַטונגען האבען אבגעדרוקט עקסטראַ־בלעטער און זיי פֿערשיקט אין אלע שטעדטליך און דערפֿער, כדי ווען די גליקליכע שעה וועט קומען, זאל מען אויף א טעלעגראַפֿישע מיטטהיילונג קענען תיכף דעם גאַנצען פֿאָלק מודיע זיין פֿון דעם גרויסען ערשייַנונג. נאַטירליך האט מען געמוזט אנגרייטען עקסטראַ־בלעטער אויף ביידערליי אופנים: אויב ס'וועט געבוירען ווערען א קראָנפּרינץ אדער אויב ס'וועט געבוירען ווערען א קראָנפּרינצעסין.

דער געמיינדע־סעקרעטער אין אַ קלייַן שטעדטיל, וועלכער האט בעקומען די צוויי בלעטער, מיינענדיג אז ער בעדאַרף זיי שוין פֿערטהיילען, האט דאס טאַקי תיכף געטהון און באלד איז געוואָרען אין שטאָדט א גרויסע שמחה, די בירגער האבען זיך געגעזעגנט גראַטולירט אין געטרונקען לחיים פֿון דעם קינפֿטיגען הערשער.

באַלד איז אבער געוואָרען א שרעקליכער רעש. א טהייל בירגער בעהויפּטעט, אז ס'איז געבוירען געוואָרען א פּרינץ, דער אנדערער טהייל שרייַט, אז נאָר א פּרינצעסין און ביידע בעווייַזען דאס באותות ובמופתים, פֿון די עקסטראַ־בלעטער, וואס זיי האבען אין די הענד. ס'איז שיער נישט געקומען צו בלוטיגע שלעגערייען אין שטעדטיל. דער גלח רופֿט זיך צו מאַכען אַ פּשרה, אַז אפּשר איז גאָר אַ צווילינג געבוירען געוואָרען. אבער אין די בלעטער שטעהט דאך אויסדריקליך נאָר א יונגעל. אין די אנדערע בלויז אַ מיידיל... ווער ווייסט וואס דער סוף וואלט געווען, ווען דער סעקרעטער ט־עפּט נישט שפּעטער אים פּעקיל אַ בריעף, פֿון וועלכען ער זעהט, אז די בלעטער האט ער נישט בעדאַרפֿט תיכף פֿערטהיילען נאָר אבוואַרטען א טעלעגראַפֿישע ידיעה און דערמיט פֿערטהיילען ענטוועדער די בלעטער מיט דעם פּרינץ אבער די בלעטער מיט דער פּרינצעסין.

א זאלכע און עהנליכע סצענעס טרעפֿען זיך אין גאַנץ האלאַנד. די גאנצע בעפֿעלקערונג איז שרעקליך אונגעדולדיג, זי וויל שוין זעהען דעם נייַעם שפּראָס פֿון דער בעליעבטער דינאַסטיע וועלכע האלט שוין בייַם אויסשטאַרבען. פֿאַר דעם קלייַנעם קינדים וועגען האָט מען שוין אנגעגרייט וויעגלעך, וויקעל־בענדער, וויקעל־קישעלעך און ווינדעליך. פֿאַר דעם קעניגליכען פּאַלאַסט שטעהען שוין אנגעגרייט קאַנאָנען, כדי תיכף מודיע צו זיין דעם עולם, ווען דאס גרויסע ערייגנים וועט קומען. טאָג־טעגליך פּראַמענירט אַ גרויסע פֿאלקס־מענגע פֿאַר'ן פּאַלאַסט און יעדער וויל זיין דער ערשטער, וואָס וועט געוואהר ווערען פֿון דעם גליקליכען פֿאל.

אבער דער בישיק איילט זיך נישט און הייסט די בראַווע האלענדער בירגער און פֿרויען זיך אנגאַרטלען מיט געדולד...

האט געדולד! זייט סבלנים. איהר וועט שוין אלסדינג הערען ווען די צייַט וועט קומען!

* * *

סבלנות, געדולד פֿערלאַנגט אויך די ציוניסטישע פּאַרטיי־לייטונג אין גאליציען פֿון איהרע אַנהענגער.

פֿאַריגע וואך איז אין לעמבערג אבגעהאַלטען געוואָרען א לאַנדעס־קאָנפֿערענץ, אויף וועלכער אלע ציוניסטען האבען ארויסגעקוקט מיט דעם גרעסטען אונגעדולד. אים ציוניסטישען לאַגער האבען זיך אין דער לעצטער צייַט געוויזען פֿערשיעדענע שטרעמונגען און מען האט ערוואַרטעט, אז די לאַנדעס־קאָנפֿערענץ וועט דא ברענגען קלאָרהייַט און געוויסהייַט.

איז אבער קודם־כל דער פּאַרטייַ־לייַטונג געפֿעלען, צו ערקלערען די בעראַטהונג פֿאַר געהיים, אפילו די פֿערט־עטער פֿון דער פּרעסע האט מען נישט צוגעלאַזט.

דאס אַלייַן איז שוין פֿאר די ציוניסטען און פֿאר אלע וואס אינטערעסירען זיך מיט דעם ציוניזמוס, אַ שטאַרקע געדולד־פּראָבע, זיך צו בעגנוגען מיט דעם אָפֿיציעלען בעריכט, וואס וועט געדריקט זיין אין די אָפֿיציעלע פּאַרטייַ־בלעטער.

נאר וואס לאזט זיך טהון. מען מוז האבען געדולד, „סבלנות" און „הסתפקות במועט" זענען צוויי נוטע מדות, וועלכע די פּאַרטייַ־לייַטונג וויל אויסלערנען די יודישע פֿאָלקס־מאַסען, — גם זו לטובה!

טהוט אבער די פּאַרטיי־פּרעסע נאך א איבריגעס, זי גיבט די בעריכטע לעפֿעלווייז, ווי עפּיס א געפֿעהרליכע מעדיצין, וואס מען טאר נישט געניעסען נאָר אַ קאַוועלעפֿעלע יעדען טאג. אויס „טעכנישע סבות" (וועלך אונגליקליכער אויסרייד!) קען מען דעם בעריכט איבער דער קאָנפֿערענץ פֿערעפֿענטליכען נאר ביסלעכווייז, יעדען טאג א שטיקעל, צווישען אבער קומען די רעפּעראַטען, און צווישען זיי, ווי עפּיס אַרייַנגעשמוגעלט, עטליכע שורות איבער דער דיסקוסיע, חאטשי יעדער, וואס אינטערעסירט זיך מיט עפֿענטליכע אנגעלעגענהייַטען ווייסט, אז ביי וויכטיגע ענינים איז די דיסקוסיע פֿיעל וויכטיגער ווי דאס אָפֿיציעלע רעפֿעראַט. ווייל ערשט פֿון איהר קען מען האבען אַ ריכטיג בילד פֿון די שטרעמונגען, וואס הערשען אין דער פּאַרטיי און מען הערט זיך צו די אַרגומענטע פֿון ביידע צדדים.

די פּאַרטיי־לייטונג וויל אבער איהרע אַנהענגער מזכה זייַן מיט דער הייַליגער מדה פֿון „סבלנות"...

האָט געדולד, חברים! איהר וועט שוין הערען אלסדינג, ווען די צייַט וועט קומען...

הכלל. די געוועזען־ערצטע ברויכט מען שוין נישט מעהר. די "פרוי פּאָליטיק" אויף דעם באַלקאַן, דער "בישיק" אין האלאַנד און די "ציוניסטישע פּאַרטיי־לייטונג אין לעמבערג" האבען שוין געפונען דאס ריכטיגע מיטעל קעגען נערוועזיטעט.

איהר קענט שוין זיין רוהיג און צופריעדען און האבען א גוטען שבת.

# דאס אלטע און דאס יונגע דור.

(רעיונות פון א זקן).

שלעכטע, זעהר שלעכטע צייטען זענען געקומען איבער דעם אלטען ר' חנא ליב. מיט איינינע יאהר צוריק, ווען זיין "אלטע" האָט נאך געלעבט איז ער געוועזען פון די שענסטע בעלי־בתים אין שטאדט. געשעצט און גע־אכטעט פון יעדען. זי האט איהם געהיט ווי איהר אויג אין קאפּ, און שטענדיג געוואַרנט פאר זיין רוהע...

דעמילט האט ער געפיהלט, אז ער האט א פאר־נעהם אין דער געזעלשאפט, אז ער איז א בכבודינער בעל־הבית. או ער האט א "תכלית" אין לעבען. אבער פון דעם טאג אן, וואס זי איז איהם אבגעשטארבען, און ער איז געדריקט געוועזען, צו פאלען צו לאסט אויף זיין טאכטער, זיין איידעם, איזט פון איהם אוועקגענומען גע־וואָרען יעדע לוסט צום לעבען. און ער פיהלט ווי ער וואלט געוועזען אין איין "עולם התוהו", איהם דאכט זיך אז ער איז שוין איין "עובר בטל", איין איבריגע זאך אויף דער וועלט!

און אמת'ן גערעדט האט ער קיין פערדרוס אויף זיי: זיי זענען געביך גרויסע ארימע לייט, און א־ביי־טען שווער און ביטער אויף דער פרנסה, און אין שטוב זענען דא פינף קליינע קינדער מיט מיילעכלאך, וואס שרייען אלץ: גיעב! גיעב!

ער איז נאר אנגעשטויסען אויף דעם מלאך המות. פאַ־וואס ער האט איהם אויך נישט מיטגענומען צוזאַמען מיט זיין אלטער. ווען דאס נס וואלט געוועזען, וואלט ער דאך פערשפּאָרט אנצוקומען צו קינדער!

גאַנץ אלט איז שוין ר' חנא ליב, אריבער שמונים. פיעל, פיעל האט ער דורכגעמאכט אין זיין לעבען, זיינע אויגען האבען שוין באלד פערלאָרען זייער שיין, זיינע פוס טהוען איהם וועה, א שוואכקייט בעהערשט זיינע גליעדער; ווען ער נעהמט אין גאס, מוז ער האָבען א שטעקען זיך אנצושפּאַרען!...

אסטמאל, ווען ער בעמערקט ווי זיין טאָכטער איז שוין שטאַרק אנגעבוינען און פערמאַטערט פון איהר שווערע אַרבייט, פערגיעסט ער שיטערע טרערען!...

זיין "אַלטע" עליה־השלום, אין איהרע יאהרען, איז נאך געוועזען געזונד און שטאַרק. אויך זיין איידעם געהט ניעדערגעבויגען, ווי איין שווערע משא וואלט געלעגען אויף זיינע פּלייצעם, א העלע בלאסקייט בעציהט זיך איבער זיינע שוואַרצע האָר, האָטשי ער איז נאך א יונגער מאַן, און די קינדער, ווי קרענקליך און שוואַך זיי קוקען אוים, זייערע פּנים'ער ווי בלאס, אויסגעדאַרט, נאר אהן א טראפּען בלוט. איהם דאכט זיך אז די נעטי'ן פון עלטער ציעט זיך שנעל אוים איבער אלעס און אלעמען.

און דער יונגער דור פיהלט זיך מיעד און אבגע־[illegible] פון דעם קורצען ביטערען לעבען!

יעדעס מאָל, ווען ער נעהט אננעשפּאַרט אויף זיין שטעקען אין שוהל אריין, קוקט ער זיך שטאַרק איין אין די פּנים'ער פון די פערביינעהער. אויך ווארפט ער ווין בליק אויף די הילצערנע הייזקעס אין די זייטען פון די גאסען. די געזיכטער פון די מענשען ווייזען איהם אוים ווי איינגעשרומפּען און אויסגעבלייכט. זייער רוקען אויס־געבויגען, די אויגען פייכט און קאַלט. און פון זייער מיעדער בעוועגונג איז צו לעזען: שוואַכקייט און עלטער. אויך די נידריגע הייזער ווייזען איהם אוים ווי זיי זינקען אלץ מעהר און מעהר אין דער ערד, זייערע פענסטער זענען שוין באלד גלייך מיט'ן טראָטואַר און זעהען אויס ווי קברים. די הילצערנע דעכער פייכט, גרין, צופוילט פון אַלטקייט, די שויבען פון די פענסטער פערשמוצט, אַלעס איז וועלקונג און אויסצעהרונג — שלו־ים פון טוידט!

און דאן שטעלען זיך איהם פאר די געזיכטער, וואָס האבען געבויט די הייזער; זיי זענען געוועזען חשוב'ע בעלי־בתים, די "פּני" פון דער שטאדט, די אנפיהרערס פון דער קהלה, מיט לאנגע בערד און פאות! א שעהנע הערליכקייט האט בעלויכטען זייערע פיינע יודישע פנים ער, ר' איצעלע — ר' אייזיק ברוך, ר' משה אין נאך אנדערע, ער געדענקט נאך יעדער חנוכת־הבית פון די פערשיעדענע הייזער. אַלעס האט געשטראהלט און געלאָכטען מיט א צופריעדענהייט. וואָס פאסט פאר שענע געהייטע בעלי־בתים. אין די לאנגע ווינטער־נעכט האט אַרויסגעשיינט פון די פענסטער א לויטערער שיין, ווען־ער האט אבגעשטראהלט אויף דעם גלאַטען גלאנציגען שנעע, און פון אינוויינוויג האט זיך געהערט דער געשמאַקער געפיהל־פולער ניגון פון דער גמרא. די מענשען האָבען געלעבט מיט בטחון אין איהם ברוך הוא, און האבען טאקי הנאה געהאַט פון לעבען, און די שכינה האט ממש גערוהט אין דער יודישער סביבה. די הייזער, די פאַ־קענס, אלעס וואס אין דרויסען האט זיך ווי צוגעפאסט נאך פון ששת ימי בראשית פאר דער גאַס, אין יעדע זאך איז געווען ריכטיג אויף זיין פּלאַץ!...

און איצט? די גאסען זענען פול מיט הענדלערס און וואַנדלערס, שטענדיג בעשעפטיגט אין אַ־ייגגעטהון מיט לייב און לעבען אין זייער מסחר; אין מאַרק איז א שטורם, א טומעל, ווי ער וואלט געווען בעלאַגערט פון "שכורים", יעדער איילט זיך און פליהט, שטויסט דעם צווייטען מיט זיינע הענד און קערפּער, קאָנקורירט מיט איהם און רייסט איהם דעם ביסען פּוג'ם מויל.

די הייזער זענען פערלאָזט דעם גאַנצען טאג און אויך ביי נאכט, פון די פענסטער זעהט זיך קיין שיין און אין די הייזער פון אינעווייניג איז פוסט און שטיל, ווי זיי זאלען זיין אונבעוואָהנטע חורבות. די מענשען זענען אזוי בעשעפטיגט, אז זיי האבען פשוט קיין צייט "הנאה" צו האָבען פון זייער אַרבייט, ווי א קללה פון גאט וואלט זיך א־יגגעגאסען איבער זיי!

אין שוהל זיצט ער נאך אויף דעמועלבען אָרט אויבענאָן, וואָס איז איהם געבליעבען בירושה פון זיין פאָטער ז"ל. אָבער אויך דאָרט זעהט ער אז אלעס איז לגמרי אומגעביעטען געוואָרען. דער בית המדרש איז פוסט און מיט גרויס שוויערינקייט קלויבט מען צוזאמען אַ "מנין" צו מנחה!...

און ר' חנא דערמאנט זיך ווי דער בית־המדרש האט אויסגעזעהען אין יענע צייטען פול מיט לומדים: אין די לאנגע ווינטער נעכט פלעגען אלע לאמפּען זיין אָנגעצונדען און אין שוהל האט געקלינגען די זיסע מע־לאָדיע פון די לערנער. די הרובע איז געווען גוט בע־הייצט און אַ־ויסגעגעבען א געשמאַקע וואַרימקייט, גאר מחיה־נפשות. דער מזרח איז געווען אבגעגעבען צו די פני העיר, די בעלי בתים חשובים און עס איז געווען פשוט א תענוג מיט זיי צו פערבריענגען. יעדער ווינקעל האט געשטראַהלט פון ליכט און ריינליכקייט.

און היינט? — איז די שוהל ליידיג, דער מזרח פערלאָזען, עס איז פון איהם אוועקגענומען געוואָרען זיינע חשיבות.

אין די ווינטער נעכט ברענט דאַ־ט א קליין לעמ־פּעל, וואס רייכערט מעהר ווי עס לייכט, און צוויי דריי בטלנים וואלגערן זיך דאַ־ט אַרום דעם אלטען קאַלטען אויווען, די ווענד זענען פייכט פון א שטאַרקען דעמפּף, וואָס פערשטיקט דעם אָטהעם. די ווינקעלן זענען בעהאַנ־גען מיט שפּינוועבס...

און אויך אין דער נאַטור זעהט ר' חנא ליב די סמנים פון נסיסה, די לופט ווערט אלץ שווערער, דער ווינטער שטאַרקער, און דיא קעלט שטעכט פשוט דורך די ביינער און פערגליווערט דאס בלוט. די הימלען קוקען אוים פערוועלקט; די זון גיט נישט געגוג שיין, און די גאַנצע וועלט לאזט אראָב דעם קאָפּף ווי פאַר'ן טוידט. און איהם ווייזט אוים, דאס ווען זיין לעצטע שעה וועט קומען, וועט אויך די זון זאָגען איהר לעצטען "אַריע" דער גוסס'ער וועלט.

הוסיאַטין — יצחק גריענבערג.

# פּראָפעסאָר דר. באַרדט.

אין ברעסלוי איז אַם 15 אַפּריל נאך א לענגערער קראַנקהייט געשטאָרבען דער פּראָפעסאָר דר. בעננא באַרדט.

דער פערשטאָרבענע איז געוועזען פּראָפעסאָר אין א ברעסלויער אָבערגימנאַזיום און האט אויך עטליכע וויסענשאַפטליכע ביכער אַרויסגעגעבען.

אבער נאך מעהר ווי אלס געלעהרטער און לעה־רער האט ער זיך ערוואָרבען גרויסע פעריענסטע אלס יודישער כלל־טהוער און אלס אזאַלכער איז ער געוועזען בעקאַנט ווייטער איבער די גרעניצען פון דייטשלאנד. ער איז געוועזען גריינדער און מיטגליעד פון די ברעסלויער



לאקאל־קאמיטעם דער "עזרא", דעם הילפספעראיינס פון די דייטשע יודען, פון דער פאַריזער אליאַנץ, פון דעם יודישען אויסוואַנדערער־קאָמיטע א. ז. וו. וועלכער פרעמ־דער נאָטהבעדירפטיגער יוד ס'איז געקומען קיין ברעסלוי, איז זיין ערשטער וועג געוועזען צו פּראָפעסאָר באַרדט און ער האט יעדען אונטערשטיצט ווי ווייט דאָס איז נאר געוועזען מעגליך.

דער פערשטאָרבענער איז אויך געוועזען א הייסער נאַציאָנאַלער יוד און די ציוניסטישע בעשטרעבונגען האָ־בען אין איהם געפונען אַ איינפריגען און ציעל־בעוואוסטען מיטאַרבייטער.

תנצב"ה.

# א פיעריעהריגע שוישפּיעלערין.

"ס'איז שוין איצט קיין קינדער נישט פאַרהאַנען".

איז א בעקאַנט שפּריכוואָרט, און ווי יעדעם שפּריכוואָרט ליעגט א שטיק אמת אין איהם. די היינטיגע קינדער זענען גייסטיג פיעל ענטוויקעלטער ווי אין פריהערדיגע דורות און וואס אמאל טרעטען אויף מעהרערע וואונדער־קינדער אויף אלע געביעטע פונ'ם לעבען.

די העכסטע לייסטונג איז אבער זיכער דאס, וואס איז געוועזען צו זעהען פאַריגע וואך און דעם וויענער בורגטהעאטער.

דאָרט איז אין דעם שוישפּיעל „בילדשניצער" פון שעהנהער־ אויפגעטרעטען א פיערייעהריג קינד אין א ראָלע, וועלכע עס האָט זעהר גלענצענד אויסגעפיהרט.

די „יונגסטע שוישפּיעלערין פון דער וועלט" הייסט ווילי קראל, טאָכטער פון דער וויענער ליעדער־קאָמפּאָניסטין מיצצי קראל. די קליינע איז זעהר בעגאַבט און די טהעאטערלייט פערשפּרעכען איהר א גרויסע צוקונפט.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאָס בילד פון דער קליינער שוישפּיעלערין אין דעמזעלבען קאָסטיום, אין וועלכען זי איז צום ערשטען מאָל ארויסגעטרעטען אויף דער ביהנע.

## א דאָפּעלטען יובילעאום.

דער בעריהמטער יודישער מעדיצינער, פּראָפעסאָר דר. מאָריץ בענעדיקט, האָט דיעזע טעג געפייערט א דאָפּעלטען יובילעאום. ס'איז געוואָרען 50 יאָהר זייטדעם ער האָט בעקומען דעם טיטעל דאָקטאָר און 40 יאָהר זייטדעם ער איז געוואָרען פּראָפעסאָר אין דער וויענער אוניווערזיטעט.

דער יובילאַר איז געבוירען אים יאָהר 1835 אין אייזענשטאַדט (אונגאַרן), האָט שטודירט מעדיצין אין דער וויענער אוניווערזיטעט, וואו ער האָט אויך בעקומען דעם טיטעל דאָקטאָר. תיכף נאָך דעם דאָקטאָראַט איז ער ער געוואָרען פּריוואטדאצענט און 10 יאָהר שפּעטער אוניווערזיטעטס־פּראָפעסאָר.

ווען ער איז אַלט געוואָרען 70 יאָהר האָט ער געמוזט, לויט דעם שטאַטוט פון דער אוניווערזיטעט, נעהמען אין פּענסיע, אָדער ער איז ווייטער געבליעבען פאָרשטאַנד אין דער אָבטהיילונג פאַר נערווענקראַנקהייטען אין דער אַלגעמיינען פּאָליקליניק.

דער יובילאַר, וואָס זיין בילד ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער, איז נאָך פאָלשטענדיג געזונד און ריסטיג. די מעדיצינישע און די געלעהרטע וועלט האָט איהם צו דעם זעלטענעם דאָפּעל־יובילעאום הערצליכסט גראַטולירט.

## א קינד אלס לעבענסרעטער.

אין וויען איז פאָר קורצעם אָבגעהאַלטען געוואָרען א יובילעאום־שיעסען פון דעם וויענער שיצענפערא״ן, וועלכעס דער קאיזער האָט בעעהרט מיט זיין פּערזענליך ערשיינען.

צו דער פייער האָבען אויך אויסגערוקט די שילער פון דעם ערדבערגער קנאַבען־האָרט און דער הויפּטמאַן אָפּעלט האָט ביי דיעזער געלעגענהייט פאָרגעשטעלט דעם קאיזער דאס יונגעל עדוואַרד נאַרבעל, וועלכער האָט דיעזען ווינטער מיט איינעם לעבענסגעפאַהר גערעטעט א קאַמעראַד פונ'ם דערטרונקען ווערען. די קינדער האָבען זיך געגליטשט אויף'ן אייז. פּלוצים איז דאָס אייז איינ־געבראָכען און איין קנאַבע איז אריינגעפאַלען. נארבעל איז איהם נאָכגעשפּרונגען און האָט איהם ארויסגעצויגען, האָטשי ער אַליין איז דאַביי שיער נישט אומגעקומען.

דער קאיזער האָט דעם קליינעם לעבענס־רעטער אויסגעשפּראָכען זיין לויב און איהם געשענקט 500 קראָנען, וועלכע וועלען ביז צי דער פולי עהריגקייט פונ'ם קנאַבען פעסטגעשטעלט ווערען פונ'ם קאיזערליכען פאַמיליען־פאָנד. די ציגזען וועט מען יעדעס יאָהר צושרייבען צום קאַפּיטאַל, אַזוי אַז דער מוטהיגע יונגלינג וועט איינערצייט בעקומען א אָנזעהנליכע סומע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאָס בילד פון דעם יונגען לעבענסרעטער.

## א „בעגעגעניש".

(הומאָרעסקע).

— וואס א מענש קען זיך אַלעס ט־עפען — זאָגט משה קלינגהאָרן צו זיינע חברים אין קאַפעהויז ביים דאָמינא — אויב איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען א מעשה, וואס האָט זיך מיר אַליין געטראָפען...

— אדרבה, אדרבה! — זאָגען די חברים, וועלכע האָבען געקענט קלינגהאָרנ'ן פאַר א אנגענעהמען מעשה־דערצעהלער.

— ס'איז געוועזען א מאָל אין א קאַלטען ווינטער־טאָג — דערצעהלט קלינגהאָרן — איך בין נראַד געפאָהרען אויף א געשעפטס־רייזע אין אונגאַרן, אין דער געגענד פון מאַרמאַרעש סיגעט.

פרייטאָג פאַר טאָג, ס'האָט קוים אָנגעהויבען צו טאָגען, בין איך אָנגעקומען אויף א קליינער שטאַציע, און הער דאָרט, אַז איך מוז וואַרטען איבער 3 שעה ביז איך וועל האָבען אַנשלוס ווייטער.

— וואָס וועל איך דאָ זיצען אויף דעם קליינעם, פּוסטען באַהנהאָף? — קלער איך ביי מיר און אָהן פיעל ישובים נעה איך מיר אראָב אין שטעדטיל אריין.

דאָס שטעדטיל נופא איז ווייט פונ'ם באַהנהאָף בערך א צוויי קילאָמעטער. איך שטעל אויף דעם קראַגען פון מיין פעלץ און נעה פּאַוואָלינקע אראָב.

אין מיטען וועג קומט עפּיס א יוד אַקעגען און קוקענדיג מיר גלייך אין פּנים אריין, רופט ער מיט שמחה:

— א, שלום־עליכם ר' יעקב פעדערגרין! איבער־געבעטען און צוריקגעקומען!

— איהר זענד אייך טועה, ר' קרוב! — ענטפער איך איהם — איך בין נישט דער וואס איהר מיינט!

— מאַך קיין חכמות, יעקב! — זאָגט ער מיר ווידער — איך בין [illegible] נישט דיין ווייב, פאַר מיר ב־ויכסט דו דיך נישט צו פערשטעלען!

נאָך איידער איך קען עפּיס ענטפערן, קומט אָן נאָך א צווייטער און א דריטער יוד. באַלד שטעהט אַרום מיר א היבש קופּקעלע יודען און אַלע דערקענען אין מיר א געוויסען יעקב פעדערגרין!

די זאַך מאַכט מיר שפּאַס און איך לאָז מיך אריין מיט זיי אין א שמועס, וועלענדיג בעווייזען באותות ובמופתים, אַז זיי זענען זיך טועה.

אָבער עס העלפט נישט! אַלע שרייען, אַז איך בין דאָס דער יעקב פעדערגרין, אַביסעל פערענדערט, א ביסעל אונטערגעשוירען די באָרד און די פּאות אָבער [illegible] אים גאַנצען געבליעבען דערזעלבער, מיט'ן מאַך און מיט'ן לאַך, דער גאַנצער הולך, די בעוועגונגען מיט די הענד. דאָס הייזעריגע קול — אַלעס שטימט אויף א האָהר!

איינער פון דער חברה האָט זיך נישט געפּוילט און מודיע געוועזען עפּיס א ווייבעל און באַלד איבערפאַלט זי מיך מיט א שמחה:

— קום נאָר יעקב, מיין ליעבער מאַן, א היים! די קינדערליך פרייען זיך שוין ווי מיט'ן משיח! — איך זעה אין דעם ווייבעל, אַז ווען זי זאָל זיך נישט געוועזען שע־מען, וואָלט זי מיך אויף דער גאַס ארומגעהאַפּט און געקושט...

זעהענדיג אָבער, אַז איך מאַך חכמות און וויל נישט מיט איהר א היים־געהען, רופט איינער פון דער חבר׳ה:

— וואָס וועלען מיר אונז דאָ אויף דער גאַס אַרום־טענה'ן, אַט דאָ נישט ווייט וואָהנט דער רב, קומט [illegible]!

און איידער איך קען מיך נאָך אומקוקען, האָט מיך די חברה ארומגענומען און אַריינגעשלעפּט צום רב.

דער רב בעגריסט מיך מיט א ברייטען „שלום־עליכם" און מוסר'ט מיך גוט אויס:

— סטייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, איבערצולאָזען א ווייב מיט פיער קינדער א עגונה עטליכע יאָהר און צו פערפאַלען ווי א שטיין אין וואַסער! דאָס מהיט דאָך קיין שום יוד נישט, מילא וואָס, אַז דעם ווייב'ס טאַטע שטאַרבט און לאָזט נישט איבער קיין ירושה — איז א אונגליק! וואס איז דאָס ווייבעל מיט די קינדער נעביך שולדיג.

נאָר מה דהוה הוה! וואס איז געשעהען איז גע־שעהען! איצט געה א היים, בעט דיך איבער מיט'ן ווייב און זיי א מאַן כדת משה וישראל!

איך הייב אָן צו טענה'ן, אַז איך ווייס נישט, וואס מען וויל פון מיר... קומט דערווייל אָן צו לויפען דאָס ווייב מיט א קופּע קינדער, אים אַלטער פון 8 ביז 4 יאָהר און די קליינע באַצמאַקעס בעפאַלען מיך ווי די היישעריקען, קושען מיר די הענד און שרייען:

— טאַטישע, טאַטישע, וואו ביזטו געוועזען? וואָס האָסטו אונז געבראַכט? קום שוין אַהיים!

איך שטעה ווי א משוגענער צווישען דעם עולם. שליעסליך רייסט מיר די געדולד און איך זאָג מיט כעס:

— מיינע ליעבע יודען! ענטוועדער איהר לאָזט מיך אָב אָדער איך וועל רופען פּאָליציי צו הילף!

דאָ ווערט שוין דער רב אין כעס און שרייט:

— הערזשע מיך אויס, יעקב פעדערגרין! מיר זענען נישט קיין קינדער! די גאַנצע קהלה דערקענט דיך! וועסטו געהן א היים מיט גוטען, הרי טוב! ואם־לאו, און ווען נישט, לאָזען מיר דיך איינזעצען. דאָ אין א קליין שטעדטעל ווייסטו דאָך זענען מיר תקיפים. דו וועסט פוילען אין קרימינאַל!

— ס'איז א ביטערע מעשה, קלער איך ביי מיר — אין א קליין שטעדטיל קען טאַקי ווער ווייסט וואָס גע־שעהען! מען וועט מיך איינזעצען אונטער וועלכען ס'איז חשד און נעה דערווייל דיך א ריכטער מיט א פערהער מיט פּראָטאָקאָלע.

בין איך מיך מישב, אַז אפשר איז נאָר גלייכער, איך זאָל זיך אונטערגעבען מיט גוטען. זיי שרייען יעקב פערערגרין, לאָז זיין יעקב פעדערגרין! איך וויל נעהען מיט דעם ווייבעל, מיך שטעלען ווי טאַקי איהר מאַן און דער טאַטע פון די קינדער און ביי א פּאַסענדער געלע־גענהייט וועל איך מאַכען א „ויברח".

געזאָגט געטהון! איך בין זיך מודה, מען פיהרט מיך א היים מיט גרוים פּאראַד, איך ווער א מאַן פון עפּיס א שרה־ביילע, א טאַטע פון עפּיס א ירוחמיל, שלמה׳לע, רבקה׳לע, חנה׳לע, א בעל־הבית אין א דירה פון צוויי שטיבער מיט א קיך — וואס לאָזט זיך טהון?

ס'איז פרייטאָג, א ווינטער טאָג, מיין ווייב פּאַרעט זיך לכבוד שבת, זי מאַכט א גוטען קוגעל, קאָכט פיש אין צימעס און גרייט אַלעס אָן ווי ס'בעדאַרף צו זיין. איך שפּיעל מיך מיט די קינדער, גיעב זיי גריצערס און מאַך דעם שפּיעל ווי ס'געהערט זיך.

פאַרנאַכט צו קבלת שבת קומען שכנים מיך אָב־האָלען אין קלויז אַריין. איך בעקום פון אַלע זייטען בריימע שלום־עליכם'ס; יעדער פרעגט מיך אויס, וואו איך בין געוועזען און איך דערצעהל זיי מעשיות פון הימעל און ערד. נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. איך בין געוועזען אין אמעריקא, אין קאַנאַדאַ, אין ארגענטיניע, גע־האַנדעלט כל מיני סחורות שבעולם, ערשפּאָרט א פּאָר ריינדיש און א היים־געקומען.

נאָך'ן עסען זענען געקומען שכנים מיט שכנ'טעס, מען האָט געפּלוידערט, דער־צעהלט מעשיות. מיין „ווייב" האָט נאָר געשיינט פאַר שמחה. איצט ערשט האָב איך געזעהן, אַז ס'איז נישט קיין מיאוס ווייבעל אויך...

שבת אין דער פריה האָב איך בעקומען א שענע עליה אין קלויז מיט א ברייטען „מי־שברך", אין דער היים זענען ווידער געקומען געסט א גאַנצע טאָג.

אויף דער נאַכט מאַכט מיין ווייב א מלוה־מלכה, מען עסט און טרינקט און איז זיך משמח ווי נאָט האָט געבאָטען.

איך האָב פערלעבט די צוויי טעג ווי אים רויש, כ'האָב נישט געוואוסט, זאָל איך לאַכען אָדער וויינען. חוזק מאַכען פון מיר אָדער פון זיי.

אָבער די מעשה האָט זיך מיר אָנגעהויבען צו לאַנגווייליען, איך האָב אויך געהאַט דרינגענדע געשעפטע צו ערלעדיגען, נעה און זיץ דאָ אַב ווער ווייסט ווי לאַנג.

בין איך זיך מישב זונטאָג אין דער פריה, בעלות

רבּוקר. נעהם טלית און־תפילין און גנה כּלומר׳שט ראַיווינען. קומענדיג אָבּער אויף דער גאַס און ועהענדיג אז ס׳איז קיין לעבּענדיג נפש נישט דאַ, ר״עה איך מיך אוים און לויף ארוים צום באַהנהאָף.

צו מ׳ין אומגליק, מוז איך נאָך װאַרטען איבּער אַ האַלבּע שעה, בּיז דער צוג װעט אָבּגעהן. איך בּעהאַלט מיך דערװייל אין דער רעסטאָראַציע און װאַרט אונגעדולדיג אויף דעם צוג.

אָבּער נאָך איידער איך האָבּ דער־לעבּט די גליקליכע מינוט, איז שוין מיין װייבּ מיט אַ גאַנצער חברה שכנים אָנגעקומען צו לויפען. מען זיכט מיך אויף און הייבּט מיר אָן צו קלאַפּען אויף גאַט׳ס קאָנטע.

— דו לומפּ! דו שייגעץ! דו באַטיאַר! —שרייען אַלע אין איין קול,—װילסטו שוין װייטער אַנטלויפען!

פּיזט נעקומען און געמאַכט דעם װייבּ אַ פרייש קינד און װילסט זי װייטער איבּערלאָזען עלענד װי אַ שטיין!

אויף דעם באַרנהאָף װערט אַ ליאַרם, אַ געשריי — מען לויפט זיך צונויפען פון אַלע זייטען! איך װעהר מיך מיט אַלע כּחות, איך בּעקום אָבּער קלעפּ אָהן אַ שיעור!

פּלוצים דערהערט זיך אַ קול: — אַ, העיר קלינגהאָרן! װאָס טהוט איהר עפּיס דאַ?

איך קוק מיך אום און דערזעה אַ װיענער רייזענדער, מיט װעלכען איך פּלעג אָפט מאַכען געשעפטען! ער האָט מיך דערקענט און איז איצט געװאָרען מיין מלאך הגואל!

— ראַטעװעט מיך, העיר קנאַלל! רוף איך מיט שמחה — אַט די לייט דאַ האַלטען מיך פאַר עפּיס אַ יעקב פעדערנרין און װילען מיך נישט אַװעקלאָזען!

דער רייזענדער שטופּט זיך צו מיט אַלע כּחות און װיל מיך בּעפרייען פון װייטערע הענר. זיי לאָזען איהם נישט. איך פון מיין זייט שריי מיט אַלע כּחות:

— געװאַלט! געװאַלט! ראַטעװעט מיך! איך בּין שוין האַלבּ טויט...

— — — — — — — — — — — — — —

— װאָס שרייסט דו אַזוי שרעליך! — הער איך פּלוצים אימיצען זאָגען — איך קוק מיך אום און דערזעה מיין פריוי שטעהט נעבען מיר. און איך ליעג אין בּעט... די גאַנצע מעשה איז נאָר געװען אַ פּוסטער חלום!..

ק—ל.

# !א פּרעמיע פאַר אונזערע אבאָנענטען

## א רייזע קיין ארץ-ישראל

איז דאָס אידעאַל פון יעדען יוד! יעדען יוד וויל זיך בּעזוכען דאָס הייליגע לאַנד, וואו דאָס יודישע פאָלק האָט פערלעבּט זיינע בּעסטע יאָה־ען, זיין גליקליכע פּערנאַנגענהייט, און וואו עס ליעגט אויך די צוקונפט פון כּלל־ישראל. דאָרט וואו יעדער שטיין, יעדער בּערג און יעדער טהאָל איז פול מיט היסטאָרישע זכרונות פון אונזער געשיכטע און פון אונזער טראַדיציע.

בּיי די איצטיגע פאַרטגעשריטענע פערקעהרסמיטעל איז אַזאַ רייזע נישט מעהר פערבּונדען מיט בּעזונדערע שוויעריגקייטען, ווי אין אַלטע צייטען; זי איז פיעלמעהר אַ פערגניגונגס־רייזע אין אמת׳ן זין פונ׳ם וואָרט, פערגניגונגס־רייזע פאַר׳ן גייסט און פאַר׳ן גוף.

און עס מעהרט זיך אויך אין דער לעצטער צייט די צאָהל פון דיעזע נינע וואָס פאָהרען קיין ארץ ישראל. בּעזוכען די הייליגע ערטער פון דער פערגאַנגענהייט, און די יודישע קאָלאָניעס, די הערליכע בּילדער פון דער צוקונפט.

די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג״, וועלכע האָט אין דער קורצען צייט פון איהר בּעשטעהען געוואונען אַזוי פיעל פריינד און אנהענגער צווישען יודישען לעזער־פּובּליקום, וויל אויסדריקען איהר דאַנקבּאַרקייט פאַר דיעזע אַנהענגליכקייט, אויסשרייבּענדיג אלס אַ בּעזונדערע פּרעמיע פאַר איהרע יעהרליכע אבּאָנענטען

# א בּחנם׳דיגע רייזע קיין ארץ ישראל און צוריק.

דאָס רעכט אויף דיעזער פּרעמיע האָבּען אַבּאָנענטען, וואָס אַבּאָנירען דאָס בּלאַט דירעקט בּיי דער אַדמיניסטראַציע אויף אַ גאַנץ יאָהר און צאָהלען איין דעם פּולען אַבּאָנעמענטס־פּרייז.

יעדער פון דיעזע אַבּאָנענטען בּעקומט אַ לאָז מיט אַ נומער. אין אַ בּעשטימטען דאַטום, וועלכעס וועט שפּעטער בּעקאַנטגעגעבּען ווערען, וועט שטאַטפינדען אַ ציעהונג, און וועמעס לאָז ס׳וועט געוואונען, דער וועט בּעקומען בּחנם אַ

## רייזע־קאַרטע קיין ארץ־ישראל און צוריק פון זייז וואַהנאָרט אוים.

די קאַרטע וועט נישט האָבּען קיין בּעשרענקטע צייט. מען וועט אויף איהר קענען פאָהרען ווען מען וועט וועלען; זי וועט אויך נישט זיין אויסגעשטעלט אויף אַ בּעשטימטען נאָמען; מען וועט זי קענען אָבּטרעטען וועמען מען וועט וועלען.

די רייזע וועט זיין אין עסטעררייך־אונגאַרן דורך טריעסט, אין רוסלאַנד דורך אדעס, אין רומעניען דורך קאָנסטאַנצאַ, אין אַנדערע לענדער דורך דעם האַפען, וואָס איז אַם נאָהענסטען צום וואָהנאָרט פון דעם געוואונער פאַן לאָז.

די פערלאָזונג וועט געשעהען עפענטליך, אונטער טהיילנאַהמע פון בּעקאַנטע יודישע פּערזענליכקייטען. יעדער אַבּאָנענט וועט אויך האָבּען דאָס רעכט, צו זיין אַנוועזענד בּיי דער ציעהונג. וואָס איהר צייט וועט רעכטצייטיג בּעקאַנט געגעבּען ווערען אין אונזער צייטונג.

דאָס רעכט אויף די לאָזע האָבּען אויך די בּיזהעריגע יעהרליכע אַבּאָנענטען. דיעיעניגע, וואָס האָבּען דאָס בּלאַט אַבּאָנירט בּלויז אויף אַ פיערטעל אָדער אַ האַלבּ יאָהר, קענען איצט צוצאָהלען דעם רעשט און זיי וועלען עבּענפאַלס בּעקומען דאָס רעכט אויף טהיילנאַהמע אין דער פערלאָזונג.

מיר האָפען, אז דיעזע פּרעמיע וועט נעפונען די אַנערקענונג פון דעם יודישען לעזער־קרייז און וועט אונז ערמעגליכען. דיעזעלבּע עפּטערס צו וויעדערהאָלען.

די רעדאַקציע.

# הומאר און סאטירע.

### ער פערשטעה"ט טאקי!

בעריל: זאג מיר נאר שמעריל, וואס איז די טייטש פון „הממליך מלכים ולו המלוכה" וואס דער חזן זינגט ראש השנה אין שוהל?

שמעריל: „הממליך" וואס ער זאלצט, „מלכים" מיט זאלין, „ולא המלוכה" און ס'איז אליין נישט געזאלצען.

### אנ'אנדער פנים.

ש"ה: (צו איהר מאן) אברם, ביזט עפים קראנק?

אברם: איך — קראנק?

ש"ה: דו מאכסט אבער א פנים!

אברם: פע... ווען איך זאל קענען מאכען א פנים, וואלסטו אנדעריש אויסגעזעהען!

סטריא. א. ה—ן.

### א יאהר־צייט.

זרח: הער־! קויפט אייך א מצוה, און קומט אריין צו מנין.

ברוך: אי לאזט מיך געהן. איך האב קיין צייט נישט.

זרח: נאר אויף א פאאר מינוט, איך האב א יאהר־צייט.

ברוך: אזוי? איהר האט א יאהר צייט? איך האב אפילו איין מינוט קיין צייט!

### צדקה־קנעפלעך.

ארין ישראל משולח (עפענענדיג רמבעה"נ פושקע): וואס זעה איך, קיין געלד, נור הויזענקנעפלעך?

בעה"ב: געווים, האבען אונזערע יודען בני־רחמנים בעמערקט אז זיי פעהלען ביי אייך...

### ברכי נפשי.

איין בעל־עגלה, האט אמאל געפרעגט דעם צווייטען, אלס ער האט געזאגט נאגין תהלים, אויב ער ביזיך זאגען ברכי נפשי?

וואס האט הודו צו די אדערנע, אז דו פיהרסט א וואגען מיט היי, בעדארפסט דו די פערד קיין אבראק צו געבען?

## רעטהזעל.

(די נעמען פון די אויפלעזער ווערען פערעפענטליכט).

I.

פון די אותיות:

פ פ ע ע ס ס ו ו כ כ ה ה ה ב ש ל ט ט מ נ נ נ ק י

זענען צו בילדען פאלגענדע ווערטער:

1) א שטאדט אין אונגארן; 2) א יודישע מצוה; 3) א יודישער יום־טוב; 4) א יודישער קעניג; 5) א מיטאלאגישער נאט; 6) א יודישער נאמען.

די אנפאנגס־בוכשטאבען פון די ווערטער פון אויבען אראב בעדייטען א יודישען יום־טוב, וועלכער ווערד נאר פון זעהר ווענינע יודען געפייערט.

דו"ב.

II.

פון די זילבען:

העע—וואו—זען—ט—יו—לל—לי—נפ—נע—ני—נצ—פי—פא—רא—שא

זאלען געבילדעט ווערען פאלגענדע 7 ווערטער:

1) א שטאדט אין אבער־עסטרייך; 2) א פויגעל; 3) א צאהל; 4) א געטרענק; 5) א קליידונגסשטיק; 6) א חודש; 7) א שטאדט אין דייטשלאנד.

די אנפאנגס־ און ענדע־בוכשטאבען פון די ווערטער פון אויבען אראב זאלען ערגעבען דעם נאמען פון א ניי ערפונדענעם פאהר־צייג ווי אויך דעם נאמען פונ'ם ערפינדער.

סטריא. א. ה—ן.

# בריעפקאסטען.

**צו מעהרערע:** דאס רעכט אויף דעם ביכעל דוד שפירא האבען נאר נייע אבאנעמענט. אדער אויך עלטערע וועלכע ערנייערן איצט זיינע אבאנעמענט. פריהערע אבאנענטען, וועלכע האבען בעקומען די בלעטער פון אנפאנג, האבען דאך שוין די ערצעהלונג און זיי בריכען נישט צו פערלאנגען נאכאמאל.

צו די רעטהזעלאויפלעזער. וואס בעקלאגען זיך, אז זייערע נעמען זענען נישט פערעפענטליכט געווארען, זענען מיר מודיע, אז זייערע אויפלעזונגען זענען אנגעקומען נאך דעם ווי די לעצטע נומער איז שוין ערשיענען. אזוינע אויפלעזונגען זענען נישט מעהר בעריקזיכטינט געווארען.

**י. ש. הירא ו.** מאמרים בשפת עבר עליך לשלוח לעתון עברי. בעתוננו לא נוכל להדפיסם לו גם יהיו ראוים לכך.

**י. שיף. ס—ק.** איהר קענט די רעטהזעל איינשיקען, אויב זי וועלען אונז געפעלען, וועלען זיי געדרוקט ווערען.

מב"ד: איהר קענט שיקען.

יז"ב, ריישא: יודסמו בשנויים אחדים.

# גראטולאציאן.

מיר גראטוליערען הערצליך אונזער פריינד עליאס וואלאך אונד פריינדין מאביל גרינבערג צו זייער פערלאבונג. אים אפריל, 1909.

הושיאטין — הירש נייגעבארען אונד פרוי.

# די קומענדע נומער 17 פון דער „יודישעז אילוסטרירטען צייטונג" וועט ענטהאלטען
# אלס גראטיס־ביילאגע די ערשטע נומער




פרייז פון דיעזער נומער 20 העלער, 10 קאפ. 30 סאנטימס

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.